dtl C

# די ווילדע פרינצעסין

אדער

# מערעא'ס יוגענד,

## א היסטאָרישע דראמא אין 4 אקטען

— פון —

יעקב גארדין.



ספעציאל געשריעבען פיר

## מאדאם ק. ליפצין.

געדרוקט פינקטליך נאך דעם טעקסט פון איהר רעפּערטאָאַר.

# פערזאנען:

---

איעטעס, קעניג פון קאָלחיס (זעבציג יאהר אלט).

מעדעא }
אבסירטוס } זיינע קינדער, א צווילינג (צו אכצעהן יאהר אלט)

גארא, מעדעא'ס אממע (פופציג יאהר אלט).

אחהעזא, מעדעא'ס פריינדין (אכצעהן יאהר אלט).

יאזאן, א גריעכישער העלד (פינף אונד־צוואנציג יאהר אלט).

מילא, זיין פריינד (זעבציג יאהר אלט).

איינער פון דיא ארגאנאוטען.

מעדעא'ס יונגפרויען, פריסטער, אבערהויפטע, גריעכען, קאלחירער, קריעגס-לייטע.

האנדלונגס פלאטץ—קאלחיס.

Copyright, 1898, by Jacob Gordin.

dHC

# די ווילדע פרינצעסין

אדער

# מערעא'ס יוגענד,

...א היסטארישע דראמא אין 4 אקטען,...

—פון—


## יעקב גארדין.


ספעציאַל געשריעבען פיר

## מאדאם ק. ליפצין.


נויאָרק.

דרוק פון „יודישען טעגליכען העראַלד" 132 קאַנאַל סטריט.

1898.

# פאררעדע.

## צו דיא היסטאָרישע דראַמאַ „מעדעאַ'ס יוגענד.“

אין אונזער פאָררעדע צו דיא קלאסישע מייסטערווערק „מעדעא,“ האָבען מיר געצייגט, אז אין דעם עלעמענט פון ליעבע זיינען דיא פרויען־כאראקטערען ווייט פערשיעדען איינע פון דיא אנדערע. געוועהנליך שטעללט מען זיך פאָר דעם שוואכען, ווייבליכען געשלעכט אויך אין דיעזער אייגענשאפט פון ליעבע אלס זאנפטמוטהיג, צערטליך אונד אויפאָפפערענד. דיא פרויא איז קעניגין נור דורך ווייבליכע שעהנהייט אונד איהר העררליכסטע קראָנע איז דיא שטיללע, אנמוטהיגע טוגענד. „מעדעא“ שטעללט אונז אבער פאָר דעם נאטירליכען טיפּ פון א מאיעסטעטישע פרוי, פון א פרויא אויף וועלכע דער פּאָעט זאָגט: „וואו זיא צייגט זיך, הערשט זיא, זיא הערשט נור, וויל זיא צייגט זיך.“ אָבער זיא הערשט ניט דורך איהר רוהיגען צויבער, זאָנדערן דורך דיא ערהאבענע מאכט פון איהר גייסט. ווען דיעזע פרויא מיט איהרע ברויזענדע געפיהלען ליעבט, דאן ליעבט זיא ליידענשאפטליך, ברענענדיג, מיט דיא גאנצע קראפט פון איהר פייערינע זעעלע. זיא ווילל אויך בעגליקען דעם געגענשטאנד פון איהר ליעבע, אָבער ניט דורך איהר הינגעבענדע אויפאָפפערונג צו איהם זאָנדערן דורך איהר איינציגע, אונענדליכע ליעבע.

עס איז דאהער פיר יעדען דענקענדען מענשען העכסט אינטערעסאנט צוא בעטראכטען דיא ענטוויקלונג פון אזא פרויען־טיפּ אין דיא ערסטע מאָמענטען; זויא פון דיא יונגפרויליכע קנאָספּע פאנגט אן ארויסצושפּראָטצען דיא דאָפּפּעלטע בלום פון מאכט אונד שעהנהייט; וויא אין דער ברוסט פון „דיא ווילדע פּרינצעסין“ הייבט אן צו ברויזען דער שטורם פון איהר ערסטע אונד — ביי אזא כאראקטער נאטירליך אויך פון — איהר לעצטע ליעבע. אונד דאָס אללעס שפּיעגעלט זיך אונז אב קלאָר אונד דייטליך אין דיא ערהאבענע סצענעס פון דער פאָרליעגענדער דראמא „מעדעאס יוגענד.“

אבער דא קוממט אויך א גאַנץ אַנדערער, טיעף־פּסיחאָלאָגישער מאָמענט, וועלכער, וויא פיעל מיר ווייסען, איז נאָך ביז יעצט גאַנץ ווייניג בעריהרט געוואָרען אין אירגענד וועלכע דראמאַטישע ווערקע, איבערהויפּט פון דער אידישער ביהנע. מיר מיינען נעמליך דעם מאָמענט פון איין אינערליכען קאמפּף צווישען פערשיעדענע ליעבעס־געפיהלען. אונטער דעם ווארט „ליעבע“ פערשטעהן מיר ניט נור דיא עראָטישע, דאס הייסט, דיא געשלעכטליכע ליבע צווישען מאן און פרוי, עס גיעבט אויך ליעבע צו עלטערן, ברידער. פריינדע, ליעבע צום פאטערלאנד

אונד צו דער נאציאן, אין וועלכע מען איז געבארען אונד ערצויגען געווארען.
דיעזע געפיהלען קענען אויך זיין גראדע אזוי שטארק, אונד אפט אויך נאך
שטארקער וויא דיא געשלעכטליכע ליעבע, איבערהויפט נאך ביי אזא כאראק־
טער וויא „מעדעא" וואלט אזא קאמפף נעדארפט אויסברעכען אין זיין גאנצע
געוואלט. עס בעגעגנען זיך צוויי געפעהרליכע שטורם׳ס אונד יעדער זוכט מיט
זיין ברויזענדע מאכט, מיט דיא גאנצע עלעמענטארישע קראפט דעם געגנער צו
פערדרענגען אונד דורכצוברעכען א באהן נור פיר זיך אליין — ווער פון זיי
ביידען וועט זיעגען?

אבער מעדעא בלייבט טרייא איהר כאראקטער. זיא איז ניט איינע פון
דיא געוועהנליכע פרויען, וועלכע וואלטען אין אזא פאלל פערטיג געווען צו אפ־
פערען זיך אונד זייער לעבען; ניין, זיא איז א הערשערין, א העלדין, פיר איהר
זיינען אזעלכע געדאנקען גאנץ אונבעגרייפליך. זיא ליעבט, אבער ביי איהר קען
ניט זיעגען דיא ליעבע וועלכע פארדערט פון איהר אפפערונג, זאנדערן דיא ליעבע
פון איהר אייגענעם גליק. זיא מוז בעזיטצען דעם געגענשטאנד פון איהר ליעבע
אונד דאפיר אפפערט זיא פאטער, ברודער, געבורטסלאנד, עהרע אונד אללעס
אין דער וועלט, אבער נור ניט זיך אליין. דיעזער אינערליכער קאמפף ווירד אונז
אין דיעזער דראמא געשילדערט ערגרייפענד. פירכטערליך. מעדעא אלעס ליע־
בענדע טאכטער, מעדעא אלס צערטליכע שוועסטער, מעדעא אלס פרינצעסין,
וואס איז אבגעגעבען מיט איהר גאנצע זעללע פיר איהר לאנד אונד פאלק,
אבער איבער דאס אללעס האט געזיעגט — מעדעא, דיא ליעבענדע פרוי.

אונזער טאלענטפאללער דראמאטישער דיכטער. הערר יעקב גארדאן, האט
פערשטאנען פון דיעזע מעכטיגע פסיכאלאגישע מאמענטען אויס צו ארבייטען
א מייסטעד ווערק, וועלכע איז ווירקליך ווירדיג בעטראכט צו ווערען אלס דער־
גלאנץ־פונקט פון זיין רייכע ליטערארישע טהעטיגקייט. דיא סצענעס אין דיעזער
דראמא זיינען ערגרייפענד, דיא שילדערונג העכסט ריהרענד און דאס
גאנצע בעגייסטערט דיא געפיהלען פון צושויער אונד בעלעהרט זיין דענקונגס
קראפט. אויך דיעזעס ווערק איז געשריבען שפעציאל פיר אונזער בעריהמטע
קינסטלערין, מאדאם ק. ליפצין, אונד וויא דיא ערפאהרונג צייגט, האט
הערר גארדאן דאמיט געמאכט איין אויסגעצייכענטע אויסוואהל נור מאדאם
ק. ליפצין, מיט איהר געטליכען טאלענט, איז אים שטאנדע ריכטיג פארצושטעלען
אזעלכע בילדעררייכע סצענעס וויא „מעדעא" אונד „מעדעא׳ס יוגענד". מעדעא
שטעלט אונז פאר נור איין בילד, פון א מאיעסטעטיש־פורכטבארע פרויא אין
איהר געפיהל פון ליעבע אונד ראכע, אבער, אין „מעדעא׳ס יוגענד" זעהן מיר א
ים פון געפיהלען, וועלכע וועקען אויף דיא טיעפסטע ענטציקונג אין דיא
הערצער פון דענקענדע מענשען אונד אינטעללגענטע טהעאטער בעזוכער.

מ. בוקאנסקי.

# ערשטער אקט.

(בא'ם ים. וויינט זעהען זיך פעלזען. ניט וויט פון וואסער אן א זייט א טעמפעל אונד עטליכע אלטע בוימער. דער ים שטורמט און רוישט עס דונגערט און בליצט.

גארא, אחהעזא, מעדעא'ס יונגפרויען, אבסירטוס, און א קאלחער קוקען אין דער וויט פון'ם ברעג. אין טעמפעל הערט מען א ווילדען געזאנג, פויקען און טאצען קלאנג.)

**גארא:** נון, מע זעהט גאר נישט? קוקט זיך נאר גוט צו (אללע קוקען אין דער וויט).

**אחהעזא:** ניין! זאגאר קיין פויגעל זעהט מען ניט אויפ'ן וואסער. מע הערט נאר, וויא דער דונקעלער אבגרונד שטורמט און רוישט. (דונגערט) ווען מען איז פערליעבט, שטורמט און רוישט אזוי אין הערצ'ן.

**אבסירטוס:** איהר זעהט, וויא פירכטערליך דאס מעער איז. א יא, איך האב זעהר אנגסט פיר דיזע רוישענדע וואסערן? און דאך אויב זיא וועט ניט קומען צוריק, וועל איך זיין דארטען. (ציינט אויפ'ן מעער).

**גארא:** אי, פרינץ, רעד ניט קיין נארישקייטען! וואס הייסט, זיא וועט ניט קומען? טרעפט עס זיך דען מיט איהר צום ערשטען מאל? קוק זיך נאר גוט צו מיט דיינע יונגע אויגען, אחהעזא, מע זעהט גאר ניט? (אללע קוקען אין וואסער, א קאלחער קומט פון טעמפעל.)

**קאלחער:** דער קעניג האט געשיקט פרעגען: זעהט מען איהר שיפעל אויפ'ן מעער?

**אחהעזא:** מע זעהט גאר ניט, אויסער דונקעלע וואלקענס און ברויזענדע וועלען. (א פארט) בא פערליעבטע איז אפט דונקעל אזוי אין די אויגען.

**גארא:** (צום קאלחער) נו, וואס שטייסט דוא? האסט געהערט? גיי און מעלדע דעם קעניג.

**אבסירטוס:** גיי זאג דעם פאטער, ער זאל נאך מעהר דיא געטטער בעטען, בעטעט אללע דעם אללמעכטיגען פעראַנטע און דיא גנעדיגע דארימבא (קאלחער אב) איא גארא, ווען זיא זאל אונז ליעבען, וויא מיר אללע ליעבען זיא, וואלט זיא ניט אוועק אויפ'ן מעער אין אזא געוויטער? (מיט טרערען) זיא איז א שלעכטע.

**אחהעזא:** עס איז מערקווירדיג, וויא דער אלטער קעניג ליעבט זיינע צוויי קינדער, וויא אזוי ער היט זיי אב און ציטערט איבער זיי. פון ליעבע קען מען דעם זינן פערליערען, איך וויים עס.

נארא: דוא רעדסט מיר צו פיעל פון ליעבע (דראהט מיטן פינגער), זעה נאר, ווען די׳א פרינצעסין מעדעא וועט עטוואס ערפאהרען, וועסט דוא האבען א שווארצען סוף.

אבסירטוס: א יא, נארא, ווען מעדעא וועט קומען, וועלען מיר זיך אללע אויף איהר בייזערן?

נארא: איך זאג דיר, זיא וועט זיך באלד איבערשרעקען, אחהעזא, אויפ׳ן קעניגס קאפ הענגט א שווערע פלוך, וועלכע שרעקט איהם און צווינגט איהם זיין פארזיכטיג. פון דער צייט ווען מעדעא און אבסירטוס זיינען נאך ניט געבוירען געווארען זיי זיינען דאך א צווילינג, דוא ווייסט?—מעזעהט נארניט? (דונערט).

אחהעזע: ניין! אבער הערט, וויא דיא געטטער און דיא הימעלען זיינען ערצא־רענט און בייז?

אבסירטוס: ניין! ניין! דאס איז ניט אויף איהר. א יא, אויף איהר וואגען זאגאר דיא געטטער ניט צארניג צו זיין?

נארא: יא, א שרעקליכער פלוך דראהט דעם קעניג. דוא ווייסט, דער גאלדענע פליס, וועלכער הייננט בא אונז אין היילינגען טעמפעל אויפ׳ן גאטט פער־אנטא,—דער הייליגער פליס, וועלכער האט אין זיך דיא געטליכע מאכט צו געבען זעגנונג און רייכטום, ער געהערט ניט צו אונז.

אבסירטוס; וואס רעדסט דוא דאס ? דער פאטער זאגט דאך, דער פליס איז דיא עהרע און גליק פון אונזער פאלק ?

נארא; איך ווייס, וואס איך רעד. דער הייליגער פליס געהערט צו א פאלק ; וועלכע רופען זיך . . . ע ! האר אויס, וויא אזוי רופען זיי זיך ? דער שווארצער גייסט זאל זיי נעמען ! (א קאלחער ווידער פון טעמפעל)

קאלחער: דער קעניג פרעגט; זעהט מען נאך ניט איהר שיפעל ?

נארא; ניין ! אז מען וועט זעהן, וועט מען אייך שוין לאזען צו וויסען.

אבסירטוס; פריינד, מע זעהט גאר ניט. זאג דעם פאטער, ער זאל פער־שפרעכען דיא געטטער א גוטען אפפער (קאלחער אב). א יא, נארא, ווען מען פערשפרעכט דיא געטטער א אפפער, קען מען דאך רוהיגער זיין ?

נארא: יא! אבער דיא געטטער זיינען ניט קיין מענשען, זיי האבען ניט ליעב פערשפרעכונגען.

אבסירטוס: אין אזא געוויטער, אין אזא שטורם ווינד, אליין אין א שיפעלע, א יא דאס איז קיין קליינינקייט ?

נארא; אחהעזא, מע זעהט נאך גאר ניט ? יא, איך האב מיך דערמאנט

וויא אזוי דאס פאלק רופט זיך — זיי רופען זיך גריכען. מיט פיעל יאהר צוריק האבען דיא וואסערן געבראכט אהער איינעם פון זיי. זיין נאמען איז געווען פריקסוס. ער האט געבראכט מיט זיך דעם הייליגען, געטטליכען פליס. דער קעניג איעטעס האט איהם זעהר פריינדליך אויפגענומען, האט איהם אבער ביי נאכט ערמאָרדעט און דעם הייליגען פליס ביי איהם גערויבט, פאר זיין טויט האָט דער גריך געזאָגט; „איעטעס! פיר מיין בלוט וועסט דוא בעצאהלען מיט דיין לעבען און מיט דעם לעבען פון אלע דיא, וואס זיינען דיר טהייער". וואס מיינסט דוא? באלד נאך דעם האט דיא זעליגע קעניגען געבוירען א צווילינג; איהם און מיין מעדעא. זיא האָט דיא קינדער געבראכט אויף דער וועלט און איז געשטאָרבען. דער קעניג איז אליין געווען פיר דיא קינדער פאטער און מוטער, ער האָט זיך ניע פון זיי געשיידעט, איהם שרעקט דעם גריעכס פלוך און ער היט זיי וויא זיינע צוויי אויגען אין קאפּ. אבער מעדעאן היטען? קענסט דוא איינהיטען דעם שטורם־ווינד? זיא איז א שטורם־ווינד.

אבסירטוס; (שרייט) וואס האט עס אפלימער געטהאָן וויית און פער־שוואונדען געווארען? זעהט! (אללע צום מעער).

אחהעזא; יא! יא! איך זעה אזוינא א וויים פינטעלע, עס איז א זעגעל— איהר שיפעל! . . .

אללע: יא! יא! נעהענטער, עס קומט נעהענטער! איהר שיפעלע! איהר שיפעלע!

אַבסירטוס; (לויפט צום טעמפעל) פאטער! קעניג! איהר שיפעלע האט זיך בעוויעזען! איהר שיפעלע (לויפט צוריק) איך דאנק דיר גרויסער פעראנטא! זיי געדאנקט גוטע דארימבא, א יאָ אללע האבען זיא ליעב! זאָגאר דיא געטטער ווילען איהר ניט שלעכטס טאָהן.

(קעניג, פריסטער און פאלק קומען פון טעמפעל)

קעניג; קינד, האָבען דיך דיינע יונגע אויגען ניט אפגענארט? זעהסט דוא ווירקליך איהר שיפעלע?

אללע; יא! יא! עס איז זיא! זיא איז עס!

קעניג: (קוקט זיך צו) וואו איז עס? אה! איך זעה . . . איי! וויא דיא רוישענדע וואסערןווארפען און שליידערן דאס קליין . . שוואך . שיפעלע (עס ווערט שטיל אללע קוקען אויפ׳ן וואסער און ווארטען מיט אונגעדולד. פלוצלונג דערהערט מען וויית מעדאעס שטימע.)

מעדעא; (ווייט) הא! העי! יעהאָ! יעריהא!

אללע; זיא! זיא איז עס!..

מעדעא (נעהנטער) יעריהא! יעהאָעי (איהר שיפּעלע ווייזט זיך, זיא שווימט ראש צום ברעג, ווארפט דיא רודער, חאפּט א קורצע שפּיז פון דעק, טרייסעלט אראפּ פון זיך דאס וואסער און גיט פריילך אַ געשריי)

דא בין איך! מעדעא איז דא! (בייא דיא ווערטער שטעכט זיא אריין דעם שפּיז אין דרערד. אויף איהר אקסעל אַ פייל און בויגען, אויף איהר ברוסט עטליכע פיילען. זיא טראגט שטיוועל און א העמד פון א טיגער פעל.)

אללע (מיט פריידע) יע האעי! יערי הא!

אבסירטוס; (לויפט צו איהר) א יאָ, מעדעא. דוא ביזט א שלעכטע?

מעדעא; מעגליך: גוטע מענשען קענען שלעכט זיין, אבער שלעכטע מענשען קענען ניט גוט זיין (זיא דריקט אויס איהר ליעבע מיט דעם, וואס זיא גיט איהם עטליכע פּעטש אין באק).

קעניג; (אומארמט זיא) יאָ, מעדעא, דוא ביסט מאנכעס מאל זעהר א שלעכטע. וויא פיעל שרעק און שמערצען פערשאפסט דוא דיין פאטער.

מעדעא; ווען דאס פויגעלע איז קליין, זיצט זיא אונטער דיא ווארעמע פליג-לען פון איהרע עלטערן, וואקסען אבער אויס פליגלען—דאן פליהט דאָס פויגעלע פאָרט פון נעסט, און דיא אלטע פויגלען שרייען און צוויט-שען פון שרעק. חא! חא! אלטער, צוויטשער ניט! וואוהין מעדעא זאל ניט פליהען — זיא וועט קומען צוריק, דיין נעסט וועט זיא ניט פערלאָזען (אומארעמט איהם) או', דוא שטארקע גארא, האסט דוא אויך געקרעהעט, וויא איין אלטער ערשראקענער האָן? (ווייזט אויפ'ן פאטער)

גארא (קושט איהר האנד) איך זאג דיר! באלד וועל איך מיך ניין שרעקען!

אבסירטוס; א יא. אחהעזא, זיא האט טאקי געקרעהט. א ערשראָקענע?

גארא; (איראניש) געווים, ווען דוא, שטארקער פרינץ, וואלסט מיט איהר פאהרען, וואָלט איך געקענט גאנץ רוהיג זיין.

אבסירטוס: איך? איך האב מורא אין אזא וועטער.

קעניג; ער האט אנגסט און זיא שרעקט ניט קיין זאך. איהר זייט צוזאמען געבוירען און ערצויגען געווארען, צוזאמען געוואקסען און צוזאמען געלעבט, דאָס גלויב איך, האט דיר, אבסירטוס, צו פיעל ווייבערשע שוואכהייט געגעבען און איהר צופיעל סראפט פון איין מאן.

מעדעא; קעניג. א פרוי דארף ניט שוואך זיין, יעדע געטטין אין הימעל איז

אזוי שטארק וויא יעדער גאטט, און יעדער וואלף אין וואלד איז ניט צאר־
ניגער פון א וועלפין!

קעניג: וועלפין און געטטין ביזט דוא, מעדעא! (דונערט ווייט.)

מעדעא; יא! חע! חע!.. איהר הערט בעסער, וועלכע וויכטיגע נייעס מע־
דעא האט אייך געבראכט... היינט פריה, ווען איך האב דערזעהן, דאס
דיא דונקעלע וואלקענס געהן צו נאסט צום גרויסען מעטר, דאס דער מעכ־
טיגער ווינד פאנגט אן צו רוישען און שטורמען און דיא וואסערן ווערען
אויפגערעגט, — בין איך פלינק אריין אין מיין שיפעלע און ארויס אין אפ־
פענעם מעער! אה! עס איז א פערגעניגען, ווען דיא וועלען ברויזען, זידען
און קאכען ארום דיר, און אויבען קראכען און דאנערן דיא הימלען, אונד
דער שטארקער ווינד שמייסט און שלאגט אין געזיכט, און דוא אליין קעמ־
פפסט מיט דיא וואסערן, מיט'ן געוויטער, בעזיעגסט דעם וואלל, וואס
הויבט דיך צום הימעל און לאכסט פון דעם שווארצען אבגרונד, וואס
בליקט אויף דיר פון דער טיעפע! יע הא העי! יעריהא! (עס דונערט)

אללע; (בעגייסטערט) יעריהא! הא! העי!

מעדעא; העי! הערט וויטער! איך בין געוועזן שוין ווייט פון לאנד, דיא
דונקעלע וואלקענס האבען מיך איינגעוויקעלט, וויא אין א שווארצען מאנ־
טעל און איך האב גאר ניט געזעהן — אויסער דיא ווייסע רוקענס פון דיא
ברויזענדע וועלען און מיינע פלימערענדע רודערס, וועלכע האבען געשניטען
דיא פינסטערניס (פערטראכט זיך גלייך זיא זעהט פאר זיך דאס בילד) פלוצלונג
הער איך: מענשען שרייען, דיא מאסטען פון איין שיף קנארען און ברעכען
זיך, דיא זעגלען פלאטטערען און מע רופט צו הילפע. איך שווים אהין. איך
זעה א גרויסע פרעמדע שיף, מיט וועלכע דאס אויפגעבראכטע מעער
שפיעלט זיך, וויא איין וויטהענדער לעווע מיט א קליין שוואך פויגעלע...
א שיף!

אללע א שיף? א פרעמדע שיף!

מעדעא; איך רוף צו זיי — זיי הערען ניט. איך שריי. דער ווינד טראגט צור־
ריק מיין געשריי. אונגליקליכע, זיי האבען זיך געטראגען גלייך אויף פעראנ־
טאס פעלז. דאן האב איך אויסגעקערט מיין שיפעל פון דער אנדער זייט
און האב אויסגעשריען: חא העי! יעריהא! זיי האבען בעמערקט מיין
שיפעל און פערשטאנען מיינע צייכענס. איך האב זיי געוויזען דעם וועג,
האב זיי אריינגעפיהרט אין א זיכערען אנקער־פלאטץ דארט, לעבען דער

„עווינער נאכטס וואלד“ חע! חע! גליקליכע, דאנקבארע צופריעדענע האבען זיי צו מיר געשריען: צויבערין! וואסער נימפע! גוטע פעע! און איך בין שנעלל פון זיי פארטגעשוואומען. דיא וועלען האבען געווארפען מיין שיפעלע, וויא א פעדער, דיא וואסערן האבען מיך געהויבען ביז דיא וואלקענס און געשטויסען צוריק ביז׳ן אבגרונד, און איך האב מונטער געארבייטעט מיט מיינע רודער און פרייליך געשריען. יעהאאו! יעריהא! (ווען זיא רעדט ווערט לאנגזאם ליכטיגער און דיא דונערען הערען זיך שוואכער).

ק ע נ י ג ; (אונרוהיג) א גרויסע שיף? פרעמדע? קומט פריינדע, מיר וועלען דיא געטטער דאנקען דערפאר, וואס זיי האבען מיין קינד געבראכט אונגעשאדעט און מיר וועלען זיי בעטען דיא פרעמדע זאללען אונז קיין אונגליק ברענגען. קומט, קינדער!

מ ע ד ע א ; נעהט, מעדעא וויל יעצט ניט בעטען.

א ב ס י ר ט ו ס ; זיא וויל ניט בעטען דיא אללמעכטיגע געטטער! א יא פאטער דאס דארף מען ניט זאגען?

מ ע ד ע א ; מען דארף ניט זאגען, איך וויל בעטען, ווען דוא האסט קיין פערלאנג דאצו... קען מען דיא געטטער נאררען? זיינען דען דיא געטטער קיינע געטטער? ניין! מעדעא בעט ניט, ווען זיא וויל ניט בעטען! העי! אלמעכטינער ווילט איהר איין אפפער פון מעדעא׳ן דאן זאל מיין פייל טרעפען יענע פויגעל, וועלכע האט זיך פונ׳ם שטורם בעהאלטען דארט אויפ׳ן בוים (שיסט, א פויגעל פאלט פון בוים) חע! חע! דיא געטטער ווילען לעבען אין פריעדען מיט מעדעא... (איין קאלהער טראגט דעם פויגעל אין טעמפעל).

ק ע נ י ג ; אה, מיין קלוגעס, געשיקטעס, אונגעוועהנליכעס קינד! וויא פיעל פרייד און וויפיעל שרעק ווערסט דוא מיר נאך ברענגען? קומט, מעדעא וויל יעצט ניט בעטען. (אללע אב, אויסער אחהאזע און גארא).

מ ע ד ע א : גארא, דוא גיי! אחהעזא בלייבט מיט מיר (גארא אב.) נון, אחהעזע יעצט בין איך גוט אויפגעלעגט (שפיעלט זיך מיט׳ן שפיעז און ווארפט איהם) יעצט קענסט דוא מיר ערצעהלען דיין געהיימנים און בעטען וואס דוא פערלאנגסט.

א ח ה ע ז א ; (קניעט) פרינצעסין, פערשפרעך מיר...

מ ע ד ע א ; מען דארף קיין זאך פערשפרעכען, בעפאר מען וויים, וואס מען פערשפרעכט... נון, קום אהער! ערצייל מיר (זעצט זיך).

אחהעזא; גוטע פרינצעסען, ערלויב מיר דיך פערלאסען און אין דיא געבירגע גיין.

מעדעא; אין דיא בערג? מיט וועמען? וואס האסט דוא דארט צו טהון?

אחהעזע; איך וויל גיין מיט... מיט איהם... מיט איין יונגען שעפער, וועלכען איך האב זעהר שטארק ליעב. (פערשעמט).

מעדעא; ליעבסט דוא דען מעדעא'ן ניט מעהר? פעהלט דיר דא עטוואס?

אחהעזא; איך ליעבע דיך, פרינצעסין, אבער ער... דער שעפער, ער האט מיך בעצויבערט.

מעדעא; (שפריגט אויף מיט צאר'ן) ער האט געוואגט מיין פריינדין, מיין גע־זעלין בעצויבער'ן! איך וועל לאזען דעם צויבערער אהער ברענגען און מיט זיין לעבען וועט ער פאר זיין צויבעריי בעצאהלען.

אחהעזא; ניין! ניין! ניט מיט צויבעריי האט ער מיך בעצויבערט.. ער האט מיין הערץ געוואונען, דוא וועסט זעהן, פרינצעסען, ווען דוא וועסט איין מאן ליעבען, וועסט דוא אויך דאס זעלבע פיהלען..דאס הערץ מען קען עס ניט בעהערשען...

מעדעא: דוא האסט א קליין שטיקעל לאנד, וועלכעס רופט זיך הערץ און קענסט עס ניט בעהערשען, מעדעא וועט רעגירען מיט'ן גאנצען לאנד פון קאלחיס... צוליעב איין פרעמדען פערלאזען פריינדע און געליעבטע? ניעמאלס! (שטעכט אריין דעם שפיז אין דער ערד.)

אחהעזע; זייא ניט בייז. פרינצעסען! האט דען דיינע מוטער, דיא קעניגען, ניט פערלאזט איהר פאטער און מוטער, ווען זיא האט געדארפט דיין מוטער ווערען?

מעדעא; מיינסט דוא, דאס יעדע פרוי מוז מוטער זיין?

אחהעזא; געוויס. און וואס וועסט דוא טהון, ווען עס וועט קומען דיא צייט. דוא זאלסט ווערען דיא מוטער פון דיינע קינדער?

מעדעא; איך? אה, דוא נארר! ווען דיא צייט וועט קומען, וועל איך רופען דעם, וועך עס וועט מיר געפעלען און וועל איהם זאגען: מאן! דוא זאלסט מעדעא'ס שקלאפע זיין און אויך דער פאטער פון איהרע קינדער. (איין קאלחער קומט צו לויפען).

קאלחער; פרינצעסין, דיא וואסערן האבען ארויסגעווארפען א שיף לעבען װאלד פון דער עווינער נאכט... אללע פרעמדע און זייער פיהרער מיט דעם נאמען יאזאן בעטען בייא אונזער קעניג שוץ און פריינדשאפט. זיי נעהן אהער.

מעדעא; נעה, זאג דאס דעם קעניג מיין פאטער! (קאלחער אב אין טעמפעל) צו ליעב איין פרעמדען פערלאזען מיך? פוי! ניע זאלסט דוא וואגען דער פון מיט מיר צו שפרעכען, פארט פון מיינע אויגען! (אחהעזא דער שראקען שטעלט זיך אן א זייט. בלייבט דיא גאנצע צייט שטיין אליין)

אחהעזא: וואס בין איך שולדיג? איך האב איהם פארט ליעב, (קעניג, אבסירטוס, גארא און אלע פון טעמפעל).

קעניג; זיינען זיי אונזערע פיינדע אדער פריינדע, בעפאר זיי האבען אונז קריעג ערקלערט, זיינען זיי אונזערע נעסט (דער קאלחער אב).

מעדעא: נארא, אהער נעה, איך בין בייז. (ווייזט אויף אחהעזא'ן און רעדט שטיל מיט גארא.)

קעניג: (שטיל) ווער ווייס, וואס זוכען דיא פרעמדע דא בייא אונז אין לאנד? (לויט) מעדעא, דיזע פרעמדע זיינען פיליכט אונזערע פיינדע.

מעדעא: פיינדע?! האבען דען דיא קאלחער קיינע שפיזען און שווערטען?

קעניג; יא! אבער דאך זיי בערייט. פיליכט וועלען מיר געפינען פיר נויטיג ניט מיט'ן שווערט זיך בעשיצען. קינד, דוא ווייסט אללע גראזען און קרייטעבער, קריעגסט גיפט פון שטיינער און בוימען, עס קען זיין, מיר וועלען געצוואונגען זיין אייניגע פון זיי פערגיפטען.

מעדעא; ניט נור פיר אייניגע, פיר אללע האט מעדעא גענוג ניפט. יא! גיפט וועט אנצינדען דאס בלוט פון יעדען וואס דראהט דעם קעניג און זיין פאלק (א הארן דיא ארגאנאווטען מארשירען אריין מיט גרינע צווייגען און דיא הענט)

מילא; עוואן עוואיע! דיא ארגאנאווטען קומען, זיי פיהרט זייער העלד, דער גרויסער יאזאן!

ארגאנאווטען; עוואן עוואיע! (זיי פאכען מיט דיא צווייגען יאזאן קומט. אחהעזא, בלייבט צווישען דיא ארגאנאווטען.

יאזאן: מיר ווייסען נאך ניט, וועלכעס לאנד בעטרעטען מיר מיט אונזערע פיס וועלכעס פאלק דא וואינט און ווער איז זייער הערשער, און דאך קומען מיר צו אייך מיט דיזע גרינע צווייגען, מיט דיזען צייכען פון פריעדען און פריינדשאפט, בארבארען, פירכטעט ניט! מיר וועלען אייך קיין שלעכטעס טהון.

מילא; מיר זיינען ניטקיין שלעכטע מענשען, מיר זיינען העלדען, איהר דארפט אונז נאר עהרען און אכטען און טהון וואס מיר בעפעהלען.

אחהעזא: (בעטראכט יאזאנען, ערשטוינט) אזא מאן האב איך נאך ניט געזעהען, זיינע אויגען! זיין געשטאלט).

מ ע ד ע א : (וועלכע בלייבט צווישען איהרע יונגפרויען אונבעמערקט) גארא, דער נעפעלט
מיר ! (אללע פרויען בעוואונדערן יאזאנען.)

ק ע נ י ג ; אונזער לאנד איז שטארק נימאנד קען אונז שלעכטעס טוהן, פרעמדע
אין קאלכים זייט איהר. מיט אייך שפרעכט יעצט דער קעניג איעטעס,קומט
איהר מיט פריעדען, זייט איהר אונזערע געסטע.

מ י ל א ; איהר הערט ? איעטעס איז ער ! אין קאלחים זיינען מיר ! אך ! דוואל-
טער פעררר.... (יאזאן לאזט איהם ניט רעדען)

י א ז א ן ; מילא האלט דיין יונגע צונג מיט דיינע אלטע ציין. קעניג, פריעדען,
צייגען דיזע גרינע צווייגען.

מ י ק א ; הם ! דאס איז ער.. איעטעס !

ק ע נ י ג ; וואס? קאלחים זוכט איהר ? מיין נאמען איז אייך בעקאנט?

מ י ל א ; נאך וויא בעקאנט? איבערן מעער האט געשריען צו אונז דאס בלוט
פון אונזער ברודער פריקסוס, וועלכע...

י א ז א ן ; יא, מיר האבען געהערט פון דאס שיינע לאנד קאלחים און פון דעם
ווייזען, מעכטיגען קעניג איעטעס. מיט אייער רוהם איז פול דיא גאנצע וועלט.

ק ע נ י ג : זייט איר דורך א צופאל געקומען צו אונז אין לאנד, אדער מיט א
געוויסען צוועק.

מ י ל א ; ער פרעגט נאך, דער אלטער, וואו איז דער הייליגע פ. פ. (יאזאן לאזט
אים ניט רוידען).

י א ז א ן : נור איין צוועק האבען מיר, קעניג, דיא גאנצע וועלט בעקאנט מאכען
מיט דער מאכט, רוהם און הערליכקייט פון גריעכענלאנד ; דיא קינדער־
פון העללאס זיינען מיר און איך בין יאזאן זייער פיהרער!

א ר ג א נ א ו ט ע ן, עוואן עוואיע!

י א ז א ן ; (צו אבסירטוס) יונגער בארבאר, האלטע מיין חיטאן; (ווארפט איהר זיין
חיטאן) .

א ב ס י ר ט ו ס ; פאר וואס ניט? מיט פערגניגען.

מ ע ד ע א ; דער שטורם אויפ'ן מעער האט מיך ניט געשראקען און ער שרעקט
מיך, גארא, מעדעאס הערץ פאכט, דאס מוז עטוואס בעדייטען,

א ל ל ע פ ר ו י ע ן ; וויא שיין ער איז! אך! וויא שיין.

מ י ל א ; (צייגט אויף אחהעזא) יאזאן, זעה נאר, דיזע בארבארין עסט דיך מיט
דיא אויגען. אה! ווארום בין איך אזוי גיך אלט געווארען!

י א ז א ן ; גרויסער קעניג איעטעס, פריינדע זאללען מיר זיין, דיין פאלק געפעלט

מיר (ער הויבט אויף אחהעזאן אויף דיא הענד און קישט זיא. א פּאַרט) מע דארף זיך מיט בארבּארען ניט איבריג זשענירען, אבער פארזיכטיג מוז מען זיין.

ק ע נ ג : (א פּאַרט) עס איז קלאר, זיי זיינען געקומען ראבּע נעמען; פיר זייער ברודער פריקסוס, (לויט) מיינע נעסטע זייט איהר פרידליבע פריינדע, ניט איבער צו אונזערע דיענער אייערע שווערטען און קומט—אונטער אונזער דאך וועט איהר פינדען שוטץ און רוהע.

מ י ל א ; (אויסער זיך) וואס ? אונזערע שווערטען? אך ! דוא אלטער בּארבּאר...
(יאזאן לאזט איהם ניט רעדען).

י א ז א ן ; קעניג, ניע האט איין פרעמדעס לאנד איין גריעך אן א שווערט געזעהען. מיין שווערט ? ווער פון דיינע קנעכט וועט וואגען דעם שווערט פון יאזאנען נעמען ? מיין שווערט האבען דיא מעכטיגע געטטער אויסגעשמידעט און קיין שטערבליכער וואגט עס צו בעריהרען... בּארבּארען, היער איז מיין שווערט (דיא קאלחער טרעטען אב) אויף דיא קניע, ווילדע, ווען יאזאן שטייט אין אייער נעהע ! (קאלחער קניען).

א ר ג א נ א ו ו ט ע ן ; עוואן עוואיע !

א ב ס י ר ט ו ס ; ווען ער רעדט ציטטערט אין מיר דאס הערץ. א יא, ער איז ניט וויא אללע מענשען ? (ער וויל קניען, דער קעניג לאזט איהם ניט).

י א ז א ן ; (צו אחהעזאן) שיינע בּארבּארין, וויא איז דיין נאמען ?

ק ע נ י ג ; (א פּאַרט) פריעדליך זאללען זיין מיינע ווארטע, און פיינדליך מיינע טהאטען (לויט) געסטע, צוא אונז אין פּאלאסט זייט איהר געלאדען.

מ ע ד ע א ; גארא, מעננער שטירצען צו דער ערד פון זיין בּליק. מיט זיין בליק ווארפט ער פייער אין דעם בוזעם פון דיא אונזעליגע פרויען.. א מענש בּעזיצט ניט זא איין קראפט. ער איז א גאטט ! א גאטט איז ער !

ג א ר א ; א גאטט ? ער איז ניט מעהר וויא איין איינגעבּילדעטער און פרעכער גריעך.

מ ע ד ע א ; וואג ניט אזוי צו רעדען פון איהם, איך וועל בּייז ווערען.. זעה, אחהעזא איז אין זיינער נעהע, אחהעזא, אהער גיי ! (אחהעזא גייט צו איהר דיא ארגאַנאווטען בּעמערקען מעדעא'ן.)

מ י ל א : זעה נאר, יאזאן, אונזער רעטערין, דיא צויבערין, דיא וואסער נימפען ! ווען איך זאל ניט זיין אזוי אלט !

א ר ג א נ א ו ו ט ע ן ; זיא ! ווי־קליך זיא, דיא נעטטין !

י א ז א ן ; ווּעמען זעה איך ? דוא, העלד אין פּרויען געשטאלט? שיינע פּעע, געטליכע נימפּע. (דריקט איהר בּיידע הענד).

אָ ר ג א נ א ו ו ט ע ן ; עוואן עוואיע! (פעכטען מיט דיא צווייגען).

ק ע נ י ג ; מיינע טאכטער איז דאס.. זיא איז איין העלד, יא, און פון איהרע העלדענטהאטען וועט איהר באלד ערפאהרען.

י א ז א ן ; דיינע טאכטער? איך בין ערשטוינט. איך האב געגלויבט, דאס האט פאסעידאן אונז איינע רעטערין געשיקט, וועלכע וועט ניע פאר מיינע אויגען ערשיינען. און זיא איז דא! איך האב געגלויבט דיא געטטין אטהענא צו זעהען און דאס וואר דיא טאכטער איעטאס?

אַ ב ס י ר ט ו ס ; פאטער, דוא זעהסט, וויא ער קוקט אויף איהר? דוא וועסט זעהען, ער וועט זיא צונעמען בא אונז. (דער קעניג לאזט איהם ניט רעדען).

מ י ל א ; זיא איז פיקאנט, יאזאן וועט שוין האבען א בעשעפטיגונג... זאגט אליין, האב איך געדארפט אזוי גיך אלט ווערען? (פירט יאזאנען אן א זייט).

מ ע ד ע א ; (צו גארא) ער האט מיינע הענד געדריקט... ניע האט עס איין פרעמדער געוואגט... נור געטטער וואגען!..

י א ז א ן ; עי, מעננער פון העללאס, אייערע גרינע צווייגען צו דיא פיס פון אונזער רעטטערין! (לייגט זיין צווייג צו מעדעאס פיס).

מ ע ד ע א ; ווען דיא זונן קוקט אויף מיר מיט איהרע ברענענדע שטראהלען, ווען דער פירכטערליכער אבגרונד ווינקט צו מיר מיט זיין פינסטערניס, הארט מיך ניט, און ווען ער בליקט אויף מיר—מוז איך דיא אויגען אראפלאזען צו דער ערד... גארא, מעדעא שעמט זיך. (זיא פרעדעקט איהר געזיכט).

אַ ר ג א נ א ו ו ט ע ן ; (ווארפען זייערע צווייגען) עוואן עוואיע!

ק א ל ח ע ר ; (ווערען בעגייסטערט) יה-א! יעריהא! הא העי!

(טראמפעטען, דיא גריכען און קאלחירער שרייען. דיא ערשטע עוואן—עוואיע! דיא לעצטע הא—הע עריהא!

# צווייטער אקט.

(א גרויסער זאאל בא איעטעס׳ן אין פאלאסט. אין הינטער־גרונד ניט קיין גרויסער אפפער־אלטאר, אויף וועלכען עס ברענט א פייעריל. פיעל בלומען. אויפ׳ן „טעפיך“ גאנין נידריגע בייגק און קליינע טאבורעטס צום זיצען. פון דיא זייטען צוויי גרויסע זילבערנע מנורות מיט בוימעל, אונטער דיא קוליסען א געדרויש. דיא גריעכין לאכען און שרייען) (ג א ר א הערט זיך צו.)

ק א ה ר א ר ג א נ א ו ט ע ן: (אונטער דיא קוליסען)

שטארק און מעכטיג איז פון העללאס דאס לאנד,
פון העללאס דאס לאנד, דער גריעכען־פערבאנד,
דער גריעכין פערבאנד, גרויס־גריעכענלאנד,
גרויס גריעכענלאנד, אונזערפאטערלאנד! עוואן עוואיע!

נ א ר א: דיא הייליגע זונן וועט שוין באלד אונטערגיין און זיי האבען נאך ניט געענדיגט זייער אבענדברויט. זיי פרעסען און זויפען וויא ווילדע. דער שווארצער נייסט האט זיי אהער געבראכט. איך ווייס, ווען גריעכען קומען צו אונז אין לאנד מוז עטוואס ניט גוטעס געשעהען.. אי! זינד זיי זיינען דא, איז מיין מעדעא׳ן ניט צו דערקענען. איך ווייס, עס איז פון זיי א אנשיקענעס אויף איהר, א אונרייינער בשוף. אנשיקען זאל אויף זיי אונזער הייליגע דארינבא אללע קראנקהייטען און שמערצען! שט... זיא געהט, מעדעא געהט!
(מעדעא קומט מיט אבסירטוס׳ן. זיא איז שעהן און רייך געקליידעט. זיא איז שטיל).

א ב ס י ר ט ו ס: גארא, א יא מעדעא זעהט אויס וויא א פערטראכטע?

מ ע ד ע א: (זעצט זיך) גארא, קום אהער! נעם מיך ארום שטארק, שטארק... אזוי!.... און זאג מיר עטוואס. (גארא אומארמט זיא).

נ א ר א; וואס זאל איך דיר זאגען, פרינצעסין? אי, קינד מיינס, דוא ביזט קראנק.

מ ע ד ע א: קראנק? דוא מיינסט עס געווים, ווייל דוא ביזט צו אלט.

נ א ר א: ווארום דען איז מעדעא זא שטיל?

מ ע ד ע א; איך ווייס ניט. בעפאר איין געוויטער קומט, בלייבט אלעס אין פעלד, אין וואלד, אויף דיא בערג, שטיל, שווייגענד, אונבעוועגליך. און דאן פאנגט עס אן צו דונערן, רוישען און שטורעמען. (פלוצלונג בעגייסטערט) אה, נארא, דוא ביזט ניט געוועזען דארט, ווען דער קעניג, מיין פאטער, האט בעפאהלען ארויספיהרען אונזער ווילדען און שרעקליכען פערד־סאראפא. דאס מעכטיגע טהיער האט געברויזט און געווארפען מיט דיא פיס וואלקענס שטויב, זיינע

אויגען האבען געברענט, זייל̇ען רויך זיינען געפלויגען פון זיינע נאזלעכער. מיין פאטער האט געגלויבט יאזאנס ענדע קומט. חע! חע! דער גריעך אבער האט מיט עטליכע שפרינג סאראפאה'ן דעריאנט, איז פלינק ארויף אויף זיין רוקען און האט איהם מיט זיין פויסט געגעבען אזעלכע שטארקע קלעפ, דאס סאראפאה האט באלד ערפיהלט דיא מאכט און קראפט פון זיין רייטער. וויא איין גאטט אויף א פייערדיגען דראכע זיצט יאזאן אויפן שווארצען ווילדען פערד! סאראפאה לויפט און ברויזט און קראכט און קוקט זיך הערום ער־שראקען און דער גריעך הערשט, רעגירט און בעפעהלט.. אללע שטייען ער־שטוינטע און יעדער שרייט: יעהאהע! יעריהא!.(שטיל) גארא, זאג מיר, איז דאס קלייד שיין? פאסט עס מיר? וויא מיינסט דוא,זיינען אין גריעכענלאנד דיא פרויען אויך אזוי שעהן וויא דיא מעננער?

גארא; ווייס איך וואס! וויא קומט צו דיא ווילדע גריעכען שיינע פרויען?

אבסירטוס; א יא, מעדעא, דוא האסט דעם פרעמדען ליעב? איך ווייס, דוא ליעבסט איהם מעהר פון מיר.

מעדעא; נארר דוא! דיך האב איך ליעב וויא זיך אליין און איהם... איהם קען מען ניט ליעבען וויא זיך. איהם מוז מען ליעבען וויא איהם...

אבסירטוס; אויב ער וועט דיך צונעמען פון 'אונז, וועל איך שטארבען, דער פאטער וועט שטארבען און גארא וועט אויך שטארבען.... א יא, גארא, איך זאל זיין א העלד, וואלט איך איהם געדארפט דערשטעכען? (א געוויש).

מעדעא; (בייז) געה אהין צו דיא מעננער! (אבסירטוס אב)

יאזאן (זינגט אונטער דיא קוליסען א פרייליך לידעלע) אונזער גאטט באכוס האט ליעב געטראנק, אונזער גאטט באכוס האט ליעב געזאנג, — געזאנג און געטראנק, עוואן עוואיע!

מעדעא; מיט'ן מעכטיגען קלאנג פון זיין שטימע בעצויבערט ער און בע־זיעגט... אין דיא בערג קלינגט אזוי אין א פריה מארגען דער הארן פון א שעפער. גארא, דאס ברילען פון לעווען און דער ווילדער געשריי פון בערן שרעקט מיך ניט אזוי וויא זיין שטימע, און דאך ווילט זיך הערען (זיא הערט זיך צו) מיר ווייזט אויס, מעדעא איז שוין מער ניט מעדעא....

גארא; הער זיך ניט צו. זיין בעצויבערטע שטימע איז פערפעסטעט וויא דאס צישען פון א שלאנג.

מעדעא; (בייז) אלטע! (מילד) ניין, מעדעא איז ניט בייז. נעה, איך וויל דיך ניט.

אחהעזא זאל דא זיין (גארא אב.) זאגאר בייז זיין קען איך יעצט ניט — א שוואכהייט צוגיסט זיך פון הערצען איבער אלע גליעדער (קניעט לעבען אפפער אלטאר) געטטער, מעדעא וויל יעצט בעטען! (זיא ווארפט עטוואס אין פייער עס פינקעלט אויף. בלייבט פערטיעפט. גארא און אחהעזא אריין).

גארא; (שטיל) פרינצעסין, אחהעזא איז דא.

מעדעא; (הערט ניט) איז עס וואהר, דאס דיא מעכטינע געטטער, דיא זונן און דיא נאכט זיינען מיינע אורעלטערן געוועזן. ווארום זאל מעדעא פיהלען וויא יעדע שוואכע פרוי?

גארא; מעדעא, אחהעזא איז דא.

מעדעא; (שטייט אויף) אחהעזא! אבער וואס איז עס? דוא ביזט א אנדערע געווארען... מיר ווייזט אויס, דוא ביזט ניט דיא זעלבע... קום צוא מיר, איך וועל מיט דיר רעדען.

אחהעזא; גנאדע פרינצעסין, יעצט איז עס געוויס איין צויבעריי (פאלט צו איהרע פיס.)

מעדעא; ניין, נארר, זיי רוהיג. אלטע, געה פארט.

גארא; קינד.

מעדעא; מעדעא איז קיין קינד און דארף קיין אממע מעהר. נעה!

גארא; (שטיל) א אנשיקענעס! (אב.)

מעדעא; אחהעזא, איך האב דיך געוואקט פרעגען, דערצייל מיר פון דיין שעפער. דוא ליעבסט איהם שטארק? וויא אזוי האט זיך דאס געטראפען? וויא אזוי האסט דוא ערפאהרען, דאס דוא ליעבסט איהם און ער ליעבט דיך?

אחהאזע; ניין! ניין! איך דארף ניט וואגען דערפון מיט דיר צו שפרעכען.

מעדעא; דוא האסט מיר געזאגט, ער האט דיין הערץ געוואונען, ערקלער מיר, וואס הייסט געווינען דאס הערץ?

אחהעזא; איך וואג ניט — דוא האסט מיר פערבאטען.

מעדעא; (בייז) ווען מעדעא הייסט, שוויינען — דארפסט דוא שווייגען, און ווען מעדעא בעפעהלט צו רעדען! רעד, (זאנפט) דוא ליעבסט איהם? דיך ציהט צו איהם אין דיא בערג? דוא ווילסט פון איהם ניט דענקען און דענקסט דאך א גאנצען טאג נור פון איהם... און ווען דיא נאכט קומט, ברענט דיין קאפ, דאס הערץ פאכט, דאס בלוט זידט און דיך ציהט צו איהם, יא, צו איהם? (עס ווערט לאנגזאם דונקעלער,)

א ח ה ע ז א ; ניט צום שעפער ציהט מיך, פרינצעסין, מיך.... האט דער פרעמדער ווירקליך בעצויבערט, טויטע מיך, איך וועל דיר דיא ווארהייט זאגען; איך בין דיא גאנצע נאכט געווען בא דעם פרעמדען אין לאגער.

מ ע ד ע א ; (שפרינגט אויף) ביזט געווען בא איהם ? ביזט געווען מיט איהם ? הע! דיין געזיכט האט עס מיר געזאגט, איך האב געזעהן, דוא ביזט א אנדערע.. דוא. אונגליקליכע! (שלעפט זיא צו זיך און פאנגט זיא אן צו ווערגען)

א ח ה ע ז א ; ער האט מיר בעפאהלען קומען און איך האב קיין ווילען געהאט ניט געהארכזאם זיין. ער איז א שרעקליכער צויבערער.. אבער, גוטע פרינצעסין, היינט בעמערקט ער מיך שוין ניט. גלייך ער קען מיך גאר ניט. ער האט אללעס פערגעסען, (וויינט) און מיין שעפער האט מיך אזוי טריי געליעבט.

מ ע ד ע א ; פערגעסען? חעי! חע! וואס דען האסט דוא געמיינט, דיא געטטער דענקען לאנג פון א ווארם, וועלכע זיי צוטרעטען מיט דיא פיס ? אבער דאך, פוי! ער געפעלט מיר מעהר ניט.. (גייט אום) הם! וויא געפעלט זיא אייך? היינט בעצויבערט פון א שעפער, מארגען בעצויבערט פון א גריעך! ניין! מעדעא פערלאנגט נאר איין מאל בעצויבערט צו זיין און ווער עס וועט מיך בעצויבערן, וועט מיך ניט פערגעסען ביז'ן טויט—מעדעא'ן, פערגעסט מען ניט! געה, דוא האסט מיר גענוג ערצעהלט.

א ח ה ע ז א ; יא, פרינצעסין, אחהעזא איז ניט מעדעא, אבער גוטע הערשעריןֿ, ערלויב מיר יעצט דא זיין, שיק מיך ניט אין דיא בערג... גאטט קען פערגעסען דעם צוטראטענעם ווארם, דער ווארם אבער פערגעסט ניט זיין גאטט. (אב. עס ווערט נאך דונקעלער)

מ ע ד ע א ; איך בין בייז און וויל דאך וויסען, וואס ער טוהט (הערט זיך צו און בעמערקט ניט וויא דער קעניג און אבסירטוס קומען)

א ב ס י ר ט ו ס ; א יא, פאטער, זיא איז דא? איך האב עס פריער געוואוסט אז „ער" איז דארט, איז זיא דא. מעדעא!

מ ע ד ע א ; (שפרינגט אב פון טהיר) מעדעא שעמט זיך גראדע, זיא האט עט־וואס געטהון, וואס מע דארף ניט. ניע האב איך פריער זא וואס געפיהלט,

ק ע נ י ג ; מעדעא, איך דארף זיך מיט דיר בעראטהען.

מ ע ד ע א; פאטער, ווארסט דוא שטארק און בראוו, ווען דוא האסט מיין מוטערס הערץ געוואונען ?

ק ע נ י ג ; מעדעא, א גרויסע געפאהר  דראהט אונז, דוא מוזט מיר קומען צו הילפע, טאכטער, דיא  גריעכען  זיינען געקומען ראכע נעמען פאר דאס בלוט  פון  פריקסוס, זייער ברודער.  זייא  ווילען  געוויס  רויבען  בא אונז  דעם היילינגען פליס, דאס גליק פון קאלחיס, דעם זעגען פון אונזערע געטטער.

א ב ס י ר ט ו ס ; א יא, מעדעא, דוא הערסט גאר ניט, וואס דער פאטער זאגט צו דיר ?

מ ע ד ע א ; (פערטראכט) אחהעזא! וואס איז אחהעזא ? איז דען דיא זונן ניט געטליך דערפאר, וואס איהרע שטראהלען בעלייכטען דיא העהלע פון שקלאפען? וויא דיא טעמפלען פון געטטער ? און ווען דער מעכטינגער אדלער לאזט זיך הערונטער פון דיא וואלקענס אויף דעם שטאלצען צעדער, ווען נעהמט עס אן, וואס ער האט זיך צו דיא וואלקענס אויפגעהויבען פון א נידעריגען דארן ?

ק ע נ י ג ; מעדעא, איך וויל דוא זאלסט פערשטיין, וויא וויכטיג איז דאס וואס איך זאג דיר. זיי זיינען אונזערע געפעהרליכע פיינדע. זיי זיינען אבער טאפפער און שטארק... הער : דיא זונן האט זיך פערבארגען אונטער דיא בערג, דיא דונקעלהייט קומט און מיט איהר זאל קומען דער טויט.

מ ע ד ע א ; און ווען דיא דונקעלהייט וועט פערשווינדען און דיא מעכטיגע זונן וועט ווידער צוריק קומען, ווער וועט צוריק געבען דאס לעבען צו דיא, וואס וועלען זיין טויט ?

ק ע נ י ג ; דער טויט דארף דיך ניט שרעקען ; דיין אור—מוטער וואר דיא פינסטערע נאכט, דיא געטטין פון טויט.

מ ע ד ע א ; און מיין אור—פאטער איז געוועזן דיא ליכטיגע זונן — דער גאטט פון לעבען.

א ב ס י ר ט ו ס ; מעדעא וויים פון דער זונן און פון דער נאכט, פון אללע זאכען ווייסט מעדעא.

ק ע נ י ג ; דיא פרעמדע זיינען אונפארזיכטיג. זיי זיינען יעצט בעטויבט פון וויין. זיי זיינען לוסטיג. דא אין דער דעמערונג וועלען זיי זיצען און רעדען — מעדעא זייערע בעכערס מיט וויין זאלען זיין פערגיפטעט.

מ ע ד ע א ; פערגיפטעט ? ניין ! מעדעא וויל עס ניט.

ק ע נ י ג ; ווען דיא דא וועלען טויט זיין, וועלען דיא איבעריגע אויפ'ן שיף, דארט ניט געפעהרליך זיין. אללע זייערע רייכטימער וועלען אונז בלייבען

און דאס גאלד וואס געפינט זיך אויפ'ן שיף, שענק איך דיר, מעדעא.

מ ע ד ע א ; (שפרינגט אויף) דאס גאלד ! מיר (רוהיג) ניין !

ק ע נ י ג ; ווען איך, דיין פאטער, דיין פריינד און קעניג, ווען איך בעט דיך.

מ ע ד ע א ; ניין !

א ב ס י ר ט ו ס ; א יא, פאטער, נעכטען ערשט האט מעדעא געזאגט „יא"!

מ ע ד ע א ; ווען מעדעא האט געפיהלט דאס עס קען זיין "יא„ האט זיא יא געזאגט. און ווען זיא פיהלט דאס עס קען ניט „יא„ זיין, זאגט זיא ניין ! ניין ! ניין ! . . . .

ק ע נ י ג ; ביזט דוא עס מעדעא ? מעדעא זאגט ניין ?

מ ע ד ע א ; ניט קיין אנדערע ; מעדעא, דיא טאכטער איעטעס.

ק ע נ י ג ; איעטעס איז דיין קעניג און פאטער !

מ ע ד ע א ; מעדעא איז איעטעס טאכטער !

ק ע נ י ג ; דער קעניג בעט ניט, ער בעפעהלט !

מ ע ד ע א ; מעדעא'ן בעפעהלט מען ניט !

ק ע נ י ג ; אונגליקליכע ! וויא וואגסט דוא ?

מ ע ד ע א ; הע ! הע ! אלטער, דוא זאלסט מעדעא'ן ניט שרעקען !

ק ע נ י ג ; מיט מיין קעניגליכען סצעפטער וועל איך דיך לערנען געהארכזאם זיין.... ! דער הערשער פון קאלחיס רעדט מיט דיר (ווארפט זיך זיא שלאגען מיט'ן סצעפטער).

א ב ס י ר ט ו ס ; (ערשראקען) זייא ניט בייז אויף איהר, פאטער ! איהר שרעקט מיך ביידע, ווען איהר ווערט בייז.... (לאזט איהם ניט).

ק ע נ י ג ; מיין אונגליקליכער זוהן, מיר ביידע זיינען שוואך און הילפלאז. דיא גריעכען וועלען אונז ביידע ערמארדען, אונזער לאנד קאלחיס בערויבען, דעם היילינען פליס, דיא עהרע און רוהם פון אונזער פאלק, וועגנעהמען ! אללע אונגליקען מוזען געשעהן — מעדעא פערלאנגט עס.

א ב ס י ר ט ו ס ; אונז וועלען זיי ערמארדען און מעדעא'ן וועלען זיי צו נעמען בייא אונז.. (וויינט.)

ק ע נ י ג ; איין אלטער פאטער און איין שוואכער ברודער האבען קיין ווערט ניט אין מעדעא'ס אויגען — וואס קענען מיר טוהן, אבסירטוס ? זאל געשעהן ! זאל געשעהן !

מ ע ד ע א ; וואס זאל געשעהן ? (שפרינגט אויף) וואס זאל געשעהן ? ניין ! ניין ! קומט צו מיר.... מעדעא ליעבט ניט איהר ברודער ? מעדעא'ס פאטער

האט קיין ווערטה ? (נעמט זיי בּיידען ארום) אָה ! טייערער פון דער וועלט זייט איהר מיר, ליעבער פון מיין לעבען זיינען מיר מיין פאטער און ברודער.... נו ! נו ! אלטער קוק ניט אויף מעדעא'ן זא בייז.... און דוא, מאן, וויש אב דיינע טרערען און זיי ניט אזוי שוואך (קרימט זיי) אזוי ? מיר האבען ניט קיין ווערטה אין מעדעא'ס אויגען ? אהה, איהר נארישע קינדער.·. חע ! חע ! אבער, פאטער, דוא פערשטייסט עס ניט.. דוא קענסט עס מיר ניט ערקלערען — וואס פיהלט יעצט מעדעא ? מיין מוטער זאל לעבען, וואלט איך זיא געפרעגט ; וויא האט זיא געפיהלט ווען דוא.. ווען זיא און דוא ? ניין ! ניין !(פערדעקט איהר געזיכט פערשעמט).

ק ע נ י ג ; יא, אבער דיין מוטער איז טויט, און זעהר גיך וועט אויך טויט זיין דיין פאטער און ברודער, דאס פאָלק פון קאלחים בערויבט, אונזער לאנד בענאסען מיט בלוט.

מ ע ד ע א ; קאלחים בערויבט און בענאסען מיט בלוט ? ווער וועט עס וואַ־נען ? זיי ? דיא פרעמדע ? און וואו איז מיין גיפט, מיין שפּיז, מיינע שאר־פע פייל ? הע ! הע ! אלטער, מעדעא איז ניט אחהעזא ! מעדעא'ן קען מען ניט בעצויבערן, מעדעאס מאכט קען ניעמאנד רויבען, מעדעא'ס הערץ געווינט מען ניט ! ווער איז ער ? וואס דארף ער דא ? ער איז צו אונז געקומען, אונזער רוהע צו שטערן ? בא אונז אין קאלחים וויל ער הערשען ? אונז וויל ער אונגליקליך מאכען און איך וועל שווייגען ! הא ! העי ! יעריהא ? (לויפט צום טיער) אהער צו מיר אונזערע געסטע ! אהער אונזערע פריינדע ! מעדעא דיא טאכטער, דעם קענינס, וויל טיילען מיט אייך אייער פרייד און אייער לוסטיגע אונטערהאלטען !

(דיא גריעכען טראגען אריין יאזאנען. מילא געהט פריער מיט'ן שווערד. נאך זיי קומען קאלחיר).

א ל ל ע ; עוואן ! עוואיע וואיע ! דיא גריכען זיינען בעטרונקען !

י א ז א ן ; וויא דער הארן פון הערמעס שאלט דיא שטימע מעדעאס.

ק ע נ י ג ; אהער אונזער גאסט פריינד, יאזאן ! מילא און אלע פרעמדע (נייגט זיך העפליך).

י א ז א ן ; (ווענדעט זיך צו מעדעא) שיין איז דיא נעטטין צעטהערא, דיא פריינדין אונד ליעבלינג פון זעאוס, אבער דיא טאכטער איעטעס איז שעהנער. גרויס זינד דיא לענדער פון העללאס, וואו עס רוהען דיא מעכטיגע געטטער, דאך קאלחים דאס לאנד איז ניט קלענער. (אללע ארגאנאווטען זעצען זיך אויף דיא בּיינקעלאך).

מעדעא: זיין שטיממע בוויערט דורך דאס הערץ, זיינע אויגען צינדען אן דאס בלוט.. נעטטער, איז דאס וואהר, דאס יעדע פרוי מוז ווייב און מוטער זיין? מעדעא מוז?..

קעניג: דיא זונן, דער גאטט פון לעבען, האט אונז פערלאזט. דיא נאכט, דיא געטטין פון טויט איז געקומען. זאללען מיר דיזע געטטין בעטען און זיא צו הילפע רופען....

יאזאן: גריעכען רופען ניט צו הילפע דיא העסליכע געטטין פון טויט; זיי צו הילפע קומען דיא שיינע געטטער דעם לעבענס!.. (קאלחירער בעטען ווילד וויא אין ערשטען אקט).

קעניג: יעצט וויין פיר אונזערע פריינדע! (אין אלטאר ברענט א פייעריל דיא גאנצע צייט).

מילא: בארבארען! אייערע געטטער זיינען געווים טויב געווארען פון אייער ווילדען געשריי, זיי הערען ניט אייער געבעט און וועלען אייך ניט קומען צו הילפע. ארגאנאווטען, זאללען מיר זיי ווייזען, וויא גריעכען בעטען דיא שוץ און הילפע פון זייערע מעכטיגע געטטער?

ארגאנאווטען: (האר) דריי ברידער, דריי געטטער בעהערשען דיא וועלט, דאס איז זעאוס און הערדאס און נאטט פאסעידאן. פון העללאס דיא פעלקער בעשיצען זיי שטענדיג פון בייזעס, פון שלעכטעס, וואס ווער עס שיקט אן! (שקלאפען ברענגען וויין און בעכער).

קעניג: פריינדע, טרינקט וויין און ערציילט אונז פון אייער לאנגע און וואונדערליכע רייזע. (שטיל) מעדעא, האלט בערייט דיין געטליכען גיפט.

מעדעא: ניין! יעצט נאך ניט... שפעטער! (זיי רעדען ביידע שטיל).

יאזאן: (צו איין ארגאנאווט) לויף שנעלל צום שיף און זאג, אללעס זאל בערייט זיין צום אברייזען: דיא זעגלען אויפגעצויגען, דער שטייערמאן אויף זיין פלאץ, עס קען זיין היינט נאך, באלד וועלען מיר פערלאזען קאלחיס... (ארגאנאווט אב. לויט) ארגאנאווטען, שלאפט ניט, שטייט אויף דער וואכט! אין קאלחיס איז שרעקליך דיא פינסטערע נאכט....

מילא: (שטיל צו יאזאנען) דוא פערדערט זיי דיא ציין דער ווילקע.... דיא צייט וועט באלד קומען.... פריקסוס, דיין בלוט וועט היינט נאך אבגעוואשען ווערען.... (אלע זיצען).

יאזאן: זאל הערען דער קעניג, דער הערשער פון לאנד, זאל הערען זיין טאכטער מעדעא! (טרינקט).

אבסירטוס: איא ווען ער רעדט איז אקוראט וויא מע גלעט מיטן האנד־
און מע קיצעלט?....

יאזאן: יא קעניג, וואונדערליך און זאנדערבאר איז אונזער לאנגע רייזע.
אונזער שיף ארגא האט פילע וואסערן דורכגעשניטען, פיעל אינזלען בעזוכט,
פיעל שטורמס איבערגעטראגען. אייך־אויגיגע געטטערס קינדער, וועלכע רו־
פען זיך ציקלאפען, האבען אונז געוואלט דעם וועג קיין קאלחיס פערצאמען—
מיר, ארגאנאווטען, האבען זיי בעזיגט.. שרעקליכע טיטאנען האבען אונזפער־
פאלגט — מיר האבען דאך געשטרעבט קיין קאלחיס. שיינע וואסער־נימפען,
וועלכע רופען זיך סירענען, האבען אונז געזוכט מיט זייער צויבערישען גע־
זאנג פערנאררען אין דער וואסער־טיעפע — מיר האבען זיי בעקעמפפט!...

מעדעא: דער מאן איז א גאטט און דיזער גאטט איז איין מאן!....

יאזאן: אה! ווען צווישען דיא סירענען זאל איין מעדעא זיין, דאן וואלט יאזאן
זיך מיט פריידע אין אבגרונד געשטירצט.

מעדעא: זיינע רעד בעטויבען וויא דאס רוישען פון וואלד, וויא דאס ברויזען
פון וועללען....

מילא: (א פארט) זיא צעהלט זיינע ווערטער.. אך! ווען איך זאל אבער זיין אבי־
סעל יונגער....

אבסירטוס: איא מע דארף קענען אזעלכע זאכען אויסטראכטען?

קעניג: דיא בעכערס זאלען זיין פול, אונזערע געסט זאלען לוסטיג זיין און טרינ־
קען. (שטיל) מעדעא, דיא גינסטיגע צייט נעהט פערביי.. (זיי רעדען שטיל).

מעדעא: נאך ניט, פאטער.... מיין הערץ וועט מיר זאגען, ווען דיא גינסטיגע
צייט וועט קומען.

מילא: (שטיל) יעצט איז דיא צייט. איך האב קיין געדולד מעהר.... עס איז
דונקעל און זיי זיינען ניט פארבערייטעט.... איך וועל צושטיקען דעם אלטען
בארבאר און דוא שנייד דיא איברינע....

יאזאן: טס.... באלד, אבער, מילא, פארזיכטיג מיט מיין שיינע נימפע....

מילא: פערלאז זיך שוין אויף מיר.... (טרינקט).

יאזאן: (לויט) וויא צוויי לייכטענדע שטערען שיינען מיר יעצט אין דער דונקעל־
הייט צוויי אויגען. דיזע צוויי שטערען האבען אונז געפירט צו דיא ברעגען
פון גרויסען לאנד קאלחיס. אה! איהר הימילשע שטערען, בעלייכטעט מיר
דעם וועג פון מיין לעבען און פירט מיך צום ברעג פון מיין גליק (רעדט שטיל
מיט מילא).

מ ע ד ע א ; ווערטער זיינען נאר א שוואכער אבקלאנג פון אונזערע געפיהלע....

אה! וויא שטארק פיהלט ער, ווען זאגאר זיינע ווערטער זיינען קרעפטיג וויא ריעזען, מעכטיג וויא שטורמס, וויא בליצען! ....

ק ע נ י ג ; טרינקט, פריינדע, און זייט לוסטיג.

מ י ל א ; יא מעכטינער, גרויסער, פיינער העריטער, באלד וועט דא לוסטיג זיין..

י א ז א ן ; פארזיכטיג, מילא. דער בארבאר וועט מערקען.

מ י ל א ; עי! גענוג! ארגאנאווטען, נאך מיר!.. אלטער בארבאר, וואו איז דער גאלדענע פליס? דער פליט וואו איז? (ווארפט אום דעם קעניג, האלט דעם שווערט געגען זיין ברוסט) רעד, אדער דוא שטארבסט! (א בעוועגונג).

י א ז א ן ; דיא קינדער דער נאכט זאלען שטארבען אין דער נאכט! (פעכט מיט זיין שווערט, קאלחיער פאלען און לויפען. ארגאנאווטען נאך זיי מיט דיא שווערדען)

מ ע ד ע א ; (איין אויגענבליק איבערראשט, דער קעניג ראנגעלט זיך).

א ב ס י ר ט ו ס ; מעדעא, דער טויט קומט.... מעדעא, מיר זיינען אללע פערלארען..

מ ע ד ע א ; הע! הע! וואס איז דאס? מארד און פעררעטה? מילא, וואוהין קריכסט דוא? (שטויסט מילא און רייסט ארויס זיין שווערד) צוריק, אונריינע גריעכען! (ווארפט זיך צו יאזאנען). קאלחירער, צוריק! מעדעא איז דא! (שלאגט ארויס דעם שווערד פון יאזאנס האנד ווילד און פלינק) פרעמדער, דיא נאכט ברענגט דיר דעם טויט!..

ק א ל ח י ר ע ר ; האהעהא! יערייזא! (קומען צוריק, ארגאנאווטען טרעטען אב).

מ ע ד ע א ; בעשיצע דיך, שטאלצער גריעך!

י א ז א ן ; גריעכען שטרייטען ניט מיט פרויען.

מ ע ד ע א ; מעדעא וויל שטרייטען זאגאר מיט איין גריעך!

י א ז א ן ; (לייגט צונויף דיא הענט און פערנייגט זיין קאפ) שטארבען פון דיין האנד איז יאזאנס גרעסטעס גליק.

מ ע ד ע א ; דוא ווילסט ניט מיט מיר שטרייטען? דוא רעכענסט פיר איין גליק פון מעדעאס האנד צו שטארבען? גוט, דיזען גליק וועט דיר מעדעא פערשאפען אהן שטרייט.... נעם דיין שווערט; קיין פרעמדעס לאנד דארף דאך איין גריעך אהן א שווערד זעהען.... הע! הע! אללעס פערביי.. אללעס פערגעסען! אונזערע געסט זייט איהר און בעשיצט דארפט איהר זיין אונטער אונזער דאך.... געסט זייט איהר, און וויא פריינדע מוזען מיר אייך בעהאנדלען.... יא! יא! וויא גוטע, טרייע פריינדע.... עי! שקלאפען, אהער דיא

קרוגען מיט וויין! פון מעדעאס האנד זאָל יעדער גאסט זיין בעכער ערהאַלטען..
הא! העי! יעררי‌הא! מעדעא אליין וועט איהרע געסט בעווירטהען, מעדעא
וועט דיא גריעכען טראַקטירען (שקלאַפען דערלאנגען איהר א קרוג, זיא שיט
אריין גיפט, גיסט וויין אין בעכערס און טראגט צו יעדען בעזונדער).

קעניג; אין הימעל האבען שוין זיך לאנג אנגעצונדען דיא שטערען, דיא בע־
לייכטער דער נאכט, זאָל מען אָנצינדען אויף פייער אין דעם הויז פון איעטעס
(איין קאלחירער נעמט פייער פון אלטאר און צינדעט אן פיידע מנורת) מיין זוהן,
די געטטער האָבען אונז צוריק געקערט אונזער מעדעא.

אבסירטוס; יא, אויב ער וועט נאָר מעהר ניט רעדען.

מילא; (נעמט פון מעדעאס האנד דעם בעכער) בארבארען, דאָס, וואָס איהר פער־
געסט באלד, וואס פריהער איז געוועזן און ווערט באלד ווידער גוטע ברידער,
דאס געפעלט מיר.

מעדעא: עס געפעלט דיר? יא, אלטער, פערגעסען! דיא בארבארען האבען
אללעס פערגעסען....איהר זייט ניט קיין בארבארען און איהר וועט אויך
באלד אללעס פערגעסען... מעדעאס געטראנק ברענגט רוהע און פערגעסענ־
הייט. טרינקט, געסט! טרינקט, פריינדע! (אייניגע ארגאנאווטען טרינקען).

מילא; חאפט ניט! יאזאן, אונזער פיהרער, דארף טרינקען.. דער באָק טרינקט
פריהער און דאן טרינקען דיא שאָף.

יאזאן; (טרויעריג) איך בעוואונדערע דיך, געטטין דער נאכט. מעדעא, ניע האט
מיך איינע פרוי זאָ בעצויבערט. קיין ראכע, קיינע העלדענטהאטען האבען
יעצט פלאץ אין מיין ברוסט. איך האב יעצט נור איין שטרעבונג—איך
שטרעב נאך דיר! איך האב נור איין פערלאנג—דיך פערלאנג איך, מעדעא!

מעדעא; (זעצט זיך אן א זייט) טרינק, אָה, טרינק, זאָ לאנג מעדעא הערט ניט
אויף מעדעא צו זיין!..

יאזאן; ארגאנאווטען, איך טרינק מיין בעכער צו עהרען אונזער ווירטהין און
צויבערין, זאָל אייער פריידענס געשריי דריי מאל ערשאללען!

ארגאנאווטען; עוואן עוואָיע! עוואן עוואָיע! עוואן עוואָיע!

קעניג; מעדעא. דוא ביזט מיין געליבטעס קינד, מיין פרייד, מיין שטיצע,
מיין טראָהן־ערפאָלגערין. (מעדעא לאזט ניט אראפ איהר בליק פון יאזאנען).

יאזאן: יעצט טרינק איך דעם געטליכען פיאל, וועלכען איהרע הענד האבען
מיר דערלאנגט. דאס געטטער־געטראנק נעקטאר איז דאס, וועלכען דיא
געטטער געניסען אויפ'ן הערליכען בארג אָלימפוס... (טראגט צו דעם בעכער
צו דיא ליפען).

מ ע ד ע א: (א ווילדען שפרונג צו איהם) האלט! טרינק ניט! (שלאגט ארויס דעם בעכער פון זיינע הענד) דעם טויט ברעננגט דיר דיזעס געטראנק! מיט גיפט איז צומישט פון דיא בעכער דער וויין!..

ק ע נ י ג; אונגליקליכע! נידערטרעכטיגע פעררעטעריןְ, וואס האסט דוא געטהןְ?

א ב ס י ר ט ו ס: א יאָ, אֵז ער רעדט קען מען ניט?.... (אייניגע אָרגאַנאָווטען, וועלכע האָבען שוין געטרונקען שרייען: מיר זיינען פערגיפטעט פערגיפטעט זיי פאַ־לען אללע ווארפען זייערע בעכערס)

מ י ל א: מיט גיפט טראַקטירען? פוי! שאַנדע! דאס קענען נאָר באַרבאַרען...
(וואַרפט זיין בעכער) אייער גליק איז, וואָס איך בין ניט א ביסעל יונגער.

ק ע נ י ג: ביזט דוא מיין טאָכטער? ביזט דוא מיין קינד? ביזט דוא איין קאַל־חירין יעצט?

י א ז א ן (צו מעדעאַן, וועלכע שטייט ערשראָקען און פערשעהמט) צוויי מאל אונזערע וואָהלטהעטערין און רעטערין!... דוא האסט מיין לעבען גערעטעט — מיין לעבען געהער דיר, קום אהער! ווארום שטעהסט דוא פון דער וויטען ער־שראָקען און פערשעהמט? מיינע זאָלסט דוא זיין! מיר זאָלסט דוא געהע־רען! (אומאַרמט זיא)

ק ע נ י ג: אונפערשעמטע פערברעכערין!...

מ ע ד ע א: זיינע ארעמס זיינען קעטען פון פייער! זיינע אויגען זיינען דיא שטראה־לען דער זונן! זיינע ווערטער דיא בליצען פון הימעל! מיין הערץ האָט זיך יעצט אָבגעשטעלט און מיין בלוט ברענט. פאַטער, דיינע רעדִ, דיין צאָרן, דיין פלוך זאָגאַר קענען יעצט ניט ווירקען... איך פערשטיי אליין ניט, וואָס איך פיהל יעצט... אָה! איז דאס וואהנזינן, דאן איז מיין וואהנזינן גרויס און פירכטערליך וויא דאס שטורמענדע מעער! איז דאס ליעבע, דאן איז מיין ליעבע שטארקער פון דיא געטטערס מאכט! גריעך! מאן! יאזאן! גאָט! דוא האסט מיין הערץ געוואונען!.. ניט אתהעזא, מעדעא בין איך און דוא האָסט מיין הערץ דאָך געוואונען... יא! עס איז וואהר... איך ליעב! אה! איך ליעב דיך!...

פאָרהאַנג.

# דריטטער אקט.

דער וואלד פון דער „עוויגער נאכט“ דיא זונן געהט אויף. מילא און גריעכען קומען בעוואפענט, זיי זינגען.

חאר ארגאנאוטען: דיא זונן האט ערוואכט,

זיא שיקט אונז אהער איהרע שטראהלען.

פערשוואונדען איז דיא נאכט.

מיט פרייד זאל דאס ליעד דא ערשאללען! העליאס! העליאס! העליאס!

פינסטערניס געה!

— עס קומט יעצט דאס ליכט און דאס לעבען

מיט פריידענס געשריי

נעמט גריעכע', וואס העליאס וועט געבען! העליאס, העליאס, העליאס,

מילא; דיא ווילדע בארבארען וועלען לאנג געדענקען דיזע נאכט. אונז, גריעכען, האבען זיי געוואלט נעמען אין געפענגניס! אי! האב איך געשני־טען. אהין און אהער! רעכטס און לינקס! ארויף, און אראפ! אין דער לענג, אין דער ברייט! געהקט וויא אין קרויט! יעצט איז דיא ליכטיגע זונן גע־קומען און זיי וועלען שוין ניט וואגען אונז צו פערפאלגען ווייל זיי זיינען דאך קינדער פון דער פינסטערער נאכט חע! זעהט מיין שווערד. איך האב געוויס ניט ווייניגער פון זיעבען צעהענדליג בארבארען צובראקט אויף שטיקלאך, און מעדעא איז אויך ביי אונז.

איינער; נאך וואס אייגענטליך דארפען מיר זייער ווילדע פרינצעסין?

מילא; מיר, אייגענטליך, דארפען זיא ניט, אבער יאזאן דארף זיא, שפעטער וועלען מיר זאגען; בארבארען, גיט אונז דעם גאלדענעם פליס און נעמט אייך דיא שווארצע מעדעא.

איינער; נאך דער היינטיגער נאכט וועט שוין דיא שווארצע ניט וועלען גיין.

מילא; יא, יאזאן איז יעצט מיט איהר אליין דארט און איך וועט זיך, אז ער דענקט איצט פון דער שווארצער מעדעא מעהר וויא פון דעם הייליגען פליס — דאס איז אבער נאר היינט, מארגען וועט שוין זיין פונקט פער־קערט (אלע לאכען) אויב דיא בארבארין וועט ניט וועלען גיין צוריק, וועלען מיר זיא פיהרען (א גערוייש) א הא, יאזאן קומט אהער מיט מעדעא'ן

קומט, עס איז ליכטיג און יאזאן דארף מעהר קיינע ווערטער.... קומט.
העליאס האט בעלייכטעט דעם וואלד.

אללע; (געהן) העליאס! העליאס! (אב מיט געזאנג).

מילא; (קוקט זיך ארום) אי! פאר וואס בין איך אזוי גיך אלט געווארען! (אב)

(אין וואלד ווערט נאך ליכטיגער, פייגעלאך צוויטשירען. יאזאן קומט מיט מעדעאן)

מעדעא; קוק אויף מיר! אט אזוי! וואס איז מיט דיר? ערשט ניט לאנג
האבען דיינע אויגען געברענט מיט פייער, דיין געזיכט האט געשיינט מיט
פרייד און גליק, און יעצט זעהט אויס דיין געזיכט טרויעריג און דאס
פייער פון דיינע אויגען איז אויסגעלאשען געווארען. יאזאן, דיא ליעבע
דארף ניט מיעד ווערען.

יאזאן; קינד, דאס איז ניט מיין שולד. אלס געליבטע זיינען מיר געטטער און
אלס מעננער זיינען מיר נור מענשען.

מעדעא; איך פערשטייא ניט, וואס דוא זאגסט.. אבער פיהלסט דוא דיך
ניט פאלקאמען גליקליך נאך דיזער הייליגער נאכט? נאך דער נאכט וועל־
כע האט אונז אויף עוויג פערייניגט?

יאזאן: יא, מעדעא, אבער דאך איך קען ניט פערגעסען, דאס דיזע פינסטערע
נאכט האט אונז פערייניגט מיט שווערט און מיט בלוט..

מעדעא; טייער איז דיא ליעבע, וועלכע ווערט פאר בלוט געקויפט. מעדעאס
ליעבע קויפט מען ניט פאר וואסער....

יאזאן; (פערטראכט) דארט, אונטער דיא בלאע הימלען פון מיין פאטערלאנד,
וואלט מען אונז פערייניגט אין א הערליכען טעמפעל, ביי איין אלטאר
מיט בלומען.

מעדעא; דיא שענסטע בלומען בליהען אין מיין הערץ, דא איז דער אלטאר
בייא וועלכען מיר זיינען פערייניגט געווארען. און וואו גיבט עס אין
דיין פאטערלאנד זא איין הערליכער טעמפעל וויא דיזער אלטער וואלד,
וועלכער איז געבויט פון דיא געטטער אליין? הערסט, יאזאן? דאס פרע־
ליכע געזאנג פון דיא פויגעלאך, דאס וויספערען פון דיא בלעטער, דאס
וועהען פון ווינטעלע, וועלכעס קומט יעצט פון דיא הויכע בערג,— אללעס,
אללעס זאגט דיר, מעדעא איז דיינע, מעדעא ליעבט דיך, מעדעא געהערט
דיר (ווילד) מאן, איך וועל דיך דערשטיקען אין מיינע ארעמס!

יאזאן; (ליידענשאפטליך) אה! מעדעא, נור פיר דיין ליעבען אליין פערדיענסט
דוא שוין געליעבט צו זיין, ניט אומזאנסט רופט מען דיך דיא געטטין

דער נאכט. וויא דיא נאכט ביזט דוא ליידענשאפטליך, וויא דיא פינס־
טערניס — געהיימניספאל אונד אונבעגרייפליך.

מעדעא; און דוא ביסט רייצענד וויא דיא זונן. עס גיעבט יעצט ניט מע־
דעא בעזאנדער און יאזאן בעזונדער. מירביידע זיינען איינס. מיר זיינען
פיר עוויג צוזאמענגעשמידעט, צוזאמענגעגאסען... אי! יאזאן מיר
איז גוט.

יאזאן: יא, אבער ווערסט דוא שפעטער ניט בערייהען, וואס יעצט איז
געשעהן?

מעדעא: שפעטער? איך ווייס יעצט נור איינס — איך ליעבע יאזאנען...

יאזאן; פערגעס אבער ניט, דוא ווערסט מיט מיר מוזען געהן אין פרעמדע,
ווייטע לענדער....

מעדעא: ווארום ניט? געהט דען ניט מיט מיר יאזאן?

יאזאן: דוא ווערסט פערלאזען דיין היימאטה?

מעדעא: דיא היימאטה פון איין אפרויא איז דארט, וואו איהר געליבטער איז.

יאזאן: און דוא ווערסט גענוג בעשלאסענהייט האבען פון דיין פאטערס
טראהן זיך ענטזאגען?

מעדעא: דער הערליכסטער טראהן פון א וייב איז דארט וואו עס רעגירט
דער קעניג פון איהר הערצען, דער הערישער, וועלכער קען אים געבען גליק און
פריידע — אה, יאזאן, יעצט פערשטיי איך, ווארום איך האב דיך פיר
איין גאט גערעכענט. דאס האט דיא ליעבע דיך פערגעטערט.
איך ליעבע דיך ניט דערפאר, ווייל דוא ביסט א גאטט — ניין! פערקערט,
דוא ביסט איין גאטט נור דערפאר ווייל איך ליעבע דיך! דיא ליעבע,
וועלכע פערוואנדעלט ניט דעם געליבטען אין איין גאטט, איז קיין ליעבע
ניט און דער גאטט וואס קען ניט אזוי געליעבט זיין, איז קיין גאטט ניט!
(ער אומארמט זיא, מעדעא רייסט זיך ארויס, שטיפענדיג) קום, יאזאן, פיהר מיך
אין דיין לאנד! הייס אויפהויבען דיא שווערע אנקער, בעפעהל אויפציהען
דיא ווייסע זעגעל. איך וויל אהין אין דער אונבעקאנטע ווייטע! איך וויל
אהין אין אפענעם מעער! הא העי! יעריהא! יעהו!..(אַ הארן)

יאזאן; אה, מיין ווילדע געליבטע! עס גיבט צווישען פרויען קיינע צווייטע
מעדעא, און דארום ווער נאָך יאזאן ניע זא געליעבט. דיין ליעבע ברענט,
בעצויבערט און שרעקט... יא! מיט מיר, מעדעא, ווערסט דוא געהן אין
מיין פאטערלאנד, מיט מיר טיילען מיין רוהם און לאבערען.. מיט מיר

מיט יאזאנען האנד ביי האנד!.. אבער יאזאן קערט ניט צוריק אהן דעם גאָלדענעם פליס.

מעדעא: דוא האסט מעדעאן, זאל קאלחיס האבען דעם היילינגען פליס.

יאזאן; מעדעא׳ן האב איך און דעם פליס מוז האבען מיין פאטערלאנד!..
קום איך צוריק מיט׳ן היילינגען פליס, דאן וועלען אונזערע דיכטער פון מיר ליעדער זינגען, אונזערע בעריהמטע רעדנער וועלען מיך מיט דיפיראמבען בעגריסען, אונזערע פרויען וועלען קריינען מיין קאפּ מיט קראנצען, דאס פאלק וועט מיך רופען: העלד און וואהלטהעטער! ווילסט דוא דען ניט יאזאן זאל אזוי געהערט זיין?..

מעדעא; איך? איך וויל גאר ניט... איך פיהל מיך גליקליך, נור, ווען אללעס וואס יאזאן פערלאנגט ווערט ערפילעט.

יאזאן; עס ניעבט קיין גרעסער גליק, וויא צו זיין בעריהמט און געעהרט!

מעדעא: דאס גרעסטע גליק איז — ליעבען און געליבט זיין. (אומארמט איהם)

יאזאן; אך! קום איך אבער אן דעם געווינשטען פליס, דאן איז מיין קאָפּ בעדעקט מיט שאנדע און שמאך. יאזאן איז פעראכטעט און פערשפּאטעט.

מעדעא; (ווילד) וואס? זאללען זיי נור וואגען! (בעדעקט זיך) יאזאן קעהרט צוריק נאך זיין פאטערלאנד מיט׳ן גאלדענעם פליס.

יאזאן: אה! גרויסער צעאוס, קען עס מעגליך זיין?

מעדעא; יאזאן קערט צוריק מיט׳ן גאלדענעם פליס....

יאזאן; אבער, מעדעא, מיין געליעבטע מעדעא, וויא וועסט דוא דאס קע־נען.. ווען.. ווען..

מעדעא: מיט׳ן פליס קערסט דוא צוריק נאך דיין פאטערלאנד (צווייטער סיגנאל. מילא און גריעכען קומען, מעדעא בלייבט שטיל)

מילא; נאך ניט גענוג, יאזאן? אי! ווען איך בין געווען יונגער.. קום א הער — דער בארבארינס פאטער האט געשיקט זיינע פאָרשטייער צו אונז אין לאגער. ער פרעגט; וויפיעל דארף ער בעצאהלען פיר זיין טאכטער׳ס פרייהייט? איך זאג; זאל ער געבען דעם פליס און נעמען דיא טאכטער.

יאזאן; זיין טאכטער? ניין! זיין טאכטער בלייבט מיט יאזאנען.

מילא: וואס? ביז יעצט נאך פערליעבט? גוט, מע קען ווארטען ביז מאר־נען.. אין יעדען פאל קום, דיא בארבארען ווילען דיך זעהן און מיט דיר שפּרעכען..

י א ז א ן ; מעדעא, וויכטיגע אנגעלעגענהייטען רופען מיך אין לאגער. איך געה
און קום באלד ווידער. (קושט זיא) ערשט געוועזן ווילד וויא א שטורם און שוין
שטיל און פערטראכט וויא דיא נאכט. עס איז לייכטער אין גרויסען טיפען
אקעאן געפינען דעם ריכטיגען וועג נאך דיא שטערען, וויא צו געפינען,
בעגרייפען און פערשטיין, וואס עס איז געצייכענט אינם הערצען פון
א פרוי.... אבער דאס אונבעגרייפליכע, דאס אונפערשטענדיגע ציהט
אונז און בעצויבערט.. מילא, ניע וואר נאך יאזאן זא געליבט!

מ י ל א ; און איך האב געמיינט, ער וועט זאגען; ניע האט יאזאן זא געליבט.
אי! פאר וואס האבען מיך דיא געטטער אזוי גיך אלט געמאכט? (ביידע אב).

מ ע ד ע א ; איך האב מיך געשעמט פיר'ן אלטער הערויס צו צייגען מיין פרייד
אזן מיין גליק. ע ע! ווען איך זאל האבען קראפט גענוג, וואלט איך גערי-
סען דיא בוימער מיט דיא וואורצלען און געווארפען זיי ביז דיא וואל-
קענס! דיא הויכע בערג פון קאלחיס וואלט איך הערונטער געשמיסען
און טיעפען מעער! (הערט זיך צו וויא פויגעלאך זינגען) זיי זינגען? (זאנפט)
אך, ווארום קען איך ניט זינגען וויא דיא פויגלען דא אין וואלד? צום
ערשטען מאל אין מיין לעבען זעה איך, וויא שוין זיינען דיא גרינע צווייגען,
וויא ליכטיג און קלאהר דיא שטראהלען דער זונן. איך האב עס יעצט
בעמערקט, מיר איז גוט.... (פערטראכט זיך) מעדעא איז לוסטיג
דארט אינ'ם קעניג'ס פאלאסט איז יעצט טרויעריג און שטיל. דער אלטער
קעניג איז פערזארגט און מיין שוואכער ברודער.... וואס טהוט יעצט אב-
סירט.ס? (גארא און אבסירטוס קומען) אבסירטוס! מיין גארא! הא העי!
וועמען מעדעא פערלאנגט צו זעהן, דיא מוזען דא זיין (לויפט צו זיי)

ג א ר א ; אהה, מעדעא, וואס איז מיט דיר געשעהן?

מ ע ד ע א ; איך ליעבע...

ג א ר א ; דיא בעריהמטעסטע פרינצעסין אין דער וועלט זאל זיך אזוי ער-
נידעריגען!..

מ ע ד ע א ; גארא, מיר איז גוט....

ג א ר א ; אנטלויפען ביי גאכט מיט א פרעמדען....

מ ע ד ע א ; גארא, ווען מע האט ליעב, ווערט פון פרעמדעס— אויגענע ס.

א ב ס י ר ט ו ס ? דער פאטער מיינט געוויס, איך שלאף נאך און מיר האבען
זיך ביידע נאך פארטאג ארויסגעגנבעט. מעדעא, א יא דוא וועסט זיך ניט
אומקערען מיט אונז א היים?

מ ע ד ע א ; מיין היים איז בא איהם.

א ב ס י ר ט ו ס ; אונזער אלטער פאטער וויינט, גארא וויינט און איך בין אזוי אונגליקליך אהן דיר..מעדעא, איך בין דיר איצט שוין א פרעמדער ? דוא ביזט שוין ניט אונזערע מעהר ? (טרערין שטיקען איהם)

מ ע ד ע א ; (טרויעריג) איך בין ניט שולדיג, אבסירטוס. איך בין ניט שולדיג.. איך בין ניט אייערע, איך בין אויך ניט מיינע, מעדעא געהערט ניט מעהר צו מיר, אבער דער פאר געהערט מיר יאזאן, נארר דוא, קענסט דוא בע־רעכענען, וויפיעל. איך האב געוואונען אין דעם וואס איך האב פער־לארען ?

ג א ר א ; קינד, דער גריעך האט דיין זינן גערויבט. בעדענקע דיך ! זעה, איך פאל צו דיינע פיס, איך בעגים לעבען דיר דיא ערד מיט מיינע טרערען. וואס ווילסט דוא טהון ? דוא ווילסט גיין אין א פרעמד לאנד צו פרעמדע מענשען ? דוא קענסט ניט זייערע זיטטען, ווייסט ניט זייער לעבענס—ארט .... אליין וועסט דוא דארט זיין.. און ווען דיר וועט זיין שווער, ווען וועסט דוא רופען צוהילפע ?

מ ע ד ע א ; ניט אליין — מיט איהם וועל איך זיין, אה; דוא ביזט צו אלט, דוא פערשטייסט עס ניט. וואס זאגסט דוא ? ווען וועל איך רופען צו הילפע ? חע ! חע ! און וואו איז מעדעא ? מעדעא וועט מיך צו הילפע קומען !

א ב ס י ר ט ו ס ; א יא איך האב געוואוסט, אז מעדעא׳ן איז שווער איבער צו שפארען ? איך האב געטראכט, איך וועל גיין אהער. וועלען מיר דיא פרעמדע טרעפען — זאללען זיי מיך טויטען, וועל איך מעדעא׳ן געפינען וועל איך זיא בעטען, זיא זאל מיר געבען אזא גראז, איך זאל ניט לעבען מעהר. איך וויל שטארבען, מיין הערץ זאל ניט פיהלען, אז מעדעא איז אוועק פון אונז און מיינע אויגען זאלען ניט זעהן דעם אלטען פאטערס טרערען.

מ ע ד ע א ! דוא זאלסט שטארבען ? אבסירטוס, מיין ברודער.. (דריקט איהם צו איהר ברוסט) ניין ! ניין ! דוא דארפסט לעבען, דוא דארפסט גליקליך זיין ! אללע דארפען גליקליך זיין, ווען מעדעא איז גליקליך....

ג א ר א ; צוזאמען זייט איהר געבוירען און ערצויגען געווארען, צו זאמען האט איהר אייער גאנצען לעבען פערבראכט. ער איז שוואך.... ער וועט ניט קענען לעבען אהן דיר.

א ב ס י ר ט ו ס ; קום מיט אונז מעדעא ! קום מיט אונז. (ער וויינט, זיא פאלט אויף זיינע שולטער און וויינט אויך.)

מ ע ד ע א ; (וויינענדיג) ניין! איך וועל ניט גיין מיט אייך (טראכט איין אויגענבליק) אבער איהר וועט גיין מיט מיר ! (ענטשקאסען)

ב י י ד ע ; וואס ? וואס זאגסט דוא ?

מ ע ד ע א : איך זאג ; איהר וועט ביידע גיין מיט מיר. איך זאג עס, מעדעא זאגט עס....

ג א ר א ; איך ? ! ...

מ ע ד ע א ; יא! דוא און ער, ביידע. (א גערוייש, גריעכען קומען פון אלע זייטען, נאכדעם מילא און יאזאן)

מ י ל א ; יא, איהר זייט גערעכט — זיי זיינען דא, זיי זיינען דא. יעצט וועט דער אלטער בארבאר אונז געוויס געבען דעם גאלדענעם פליס.. מיר האבען ביידע זיינע קינדער. נעמט זיי אין געפעננניס! נעמט זיי, בינדעט זיי, היטעט זיי! (גריעכען ווילען נעמען אבסירטוס און גארא)

מע ד ע א; (רוהיג) אלטער, דעם קעניג איעטעס קינדער נעמט מען ניט אין געפענג־ ניס. פארט ! (גריעכען טרעטען אב) יאזאן, דאס איז מעדעא'ס ברודער.

י א ז א ן ; מעדעא, דוא פערשטייסט ניט דיא קריעגס געזעטצע, דיין ברודער וועט נור איין פפאנד זיין ביז דיין פאטער וועט אייניגע אונזערע פארדע־ רונגען בעפריעדיגען, קיין בייזעס וועט איהם געשעהן.

מ י ל א ; זאל דער אלטער בארבאר אונז געבען דעם פליס און מיר וועלען בע־ פרייען אייך ביידען פון געפעננניס.

מ ע ד ע א ; יאזאן, דוא דארפסט קיינע קריעגס געזעטצע און קיינע פפאנדען — דוא האסט מעדעאס ווארט, ער, דער אלטער, פערשטייט עס ניט, דוא אבער דארפסט עס פיהלען. (צו מילא) וועמען ווילסט דוא בעפרייען, דוא אלטער האן ? איהם דארפסט דוא גיט בעפרייען ווייל דוא האסט איהם ניט געפאנגען. מיך קענסט דוא ניט בעפרייען, ווייל איך וויל געפאנגען זיין. גריעכען. מעדעא גיט אייך דעם גאלדענעם פליס, ווייל איהר ערלויבט איהר אין געפעננניס בלייבען.... יאזאן ווינשט דעם פליס האבען און זיין פערלאנג זאל ערפילט ווערען.. גיי צוריק, אבסירטוס, און גריס מיין פאטער, דעם גרויסען קעניג פון קאלחיס.. גייט, מיר וועלען אונז נאך זעהן.. פארט פון וועג! מעדעאס ברודער קערט צוריק אין זיין קעניגליכען פאלאסט! (שטרעקט אויס איהר האנד. אבסירטוס און גארא געהען).

יאזאן; מעכטיג, וויא איינע געטטין. ווילד, וויא איין טיגער. שטאלץ, וויא איין קעניגין און געהארכזאם וויא איינע שקלאפין!.... (מילא רעדט שטיל צו דיא גריעכען. פארהאנג פאלט פון פארענט).

# פערוואנדלונג.

(דער הערוויסגאנג פון וואלד. אחהעזא קומט געקליידעט אין רייזע קליידער, טראגט אויף זיך א פעקיל מיט זאכען).

אחהעזא: איין בעקאנטער וועג.... מיט דיזען וועג בין איך געגאנגען יענע נאכט און מיין הערץ האט געציטטערט פון פרייד און שרעק.... יעצט פיהל איך קיין שרעק און קיין פרייד.. וויא שנעלל איז פאראיבער דער וואונדערבארער טרוים.. איין מאל, נאך איין מאל איהם זעהען און דאן פערלאזען דיזען פלאץ אויף עווינ.. ניע וועל איך זיך אומקערען אהער, ניע וועל איך דא זיין. (פערטראכט זיך. א גערוויש) אהא! מע נעהט, איך וויל ניט, מע זאל מיך דא בעמערקען (שנעלל אב. גארא און אבסירטוס קומען.)

אבסירטוס: לויף ניט אזוי, גארא, איך האב ניט קיין כח.. (אטהעמט שווער).

גארא: אויף מיר א מאנוביל! דאס איז יא וויא מע זאגט: איינעם געבען דיא געטטער צו פיעל, דעם אנדערען צו ווענינ.... קום, קום!

אבסירטוס: ניין, איך מוז מיך צוזעצען, מיר איז שווער (זעצט זיך אויף א האלץ)

גארא: אהין ביזט דוא דאך געלאפען און געשפרונגען וויא א ציעג.

אבסירטוס: אהין? גארא, דארט איז דאך מעדעא. און צוריק ווען מיר ווערען קומען, ווען מיר טרעפען? מעדעא איז ניטא דארט און עס איז גלייך וויא אללע זיינען אויסגעשטארבען; שטיל, קאלט, פינסטער און אונמוטהיג. א יא עס איז בעסער צו שטארבען, וויא צו לעבען אהן מעדעא'ן?

גארא: יא, קינד, ביזט גערעכט. זיא האט אונז געגעבען פרייד, מוטה, לעבען און אהן איהר איז אללעס אזוי וויא טויט און וויסט. אבער, אבסירטוס, אונזער ליעבע און איבערגעבענהייט האט זיא געווארפען צו דעם געמיינעם גרעקס פיס. קום, קום שנעללער!

אבסירטוס: וואס איילסט דוא דיך אזוי? וואס ווערסט דוא פערשפעטיגען?

גארא: קום, דא איז געפעהרליך צו בלייבען—דיא העסליכע גריעכען זיינען צו נאהענט.

אבסירטוס: זיי האבען דאך אונז ערלויבט צוריק קעהרען אן פריעדען..

מ י ל א ; נאך ניט פערשפעטיגט.. נעמט דעם יונגען באַרבאַר!.... (גריעכען רינ־
גלען זיי ארום).

נ א ר א : זיי זיינען צו גרויסע חכמים.. און דיא צו גרויסע חכמים מיינען ניט,
וואס זיי זאגען.... (אחהעזא בעווייזט זיך).

א ב ס י ר ט ו ס : אבער א יא, מעדעא מיינט וואס זיא זאגט ? אָי, נארא, זיא
וועט זיך שוין ניט אומקערען צו אונז.

נ א ר א : ע ! זיא וועט קומען, דער נידערטרעכטיגער גרעק וועט זיא באלד פער־
לאזען, וויא ער האט פערלאזט דיא אונגליקליכע אחהעזא (אחהעזא טרעט ארויף)
זעהסט, ניט אומזיסט האב איך זיא דערמאנט.

א ב ס י ר ט ו ס : וואוהין געהסט דוא דאס, אחהעזא ?

א ח ה ע ז א : (טרויריג) איך ? איך גיי אין דיא בערג. וועט מיר מיין שעפער פער־
געבען, וועל איך בלייבען זיין עווינע דיענסט און אויב ניט, וועל איך ארויפ־
קלעטערען הויך, הויך, וואו עס ליעגט שניי און עס איז קאלט און איך וועל
דארט שטארבען — מיר איז אללעס איינס. לעבע וואהל, גוטער פרינץ
(קישט זיין האנד) זיי געזונד, נארא. וועט איהר אמאל זעהען מעדעאן, זאגט
איהר: אחהעזא ווינשט איהר גליקליך זיין... אבער ער, איך וויים ניט,
אויב ער וועט זיא גליקליך מאכען.... מיינסט דוא ניט, נארא, דאס דיא
וועלכע מע רעכענט פאר זעהער גרויסע, קענען קיין גליק דעם צווייטען געבען?
לעבעט וואהל ! איך וויים, מיינע טרערען און שמערץ וועט מען גיך פערגע־
סען, פון מעדעא׳ן אבער וועט לאנג, לאנג רעדען דיא גאנצע וועלט....
(מיט טרערען) אונז, אונגליקליכע, פערגעסט מען גיך, אבער אזעלכע וויא מע־
דעא פערגעסט מען ניט. לעבעט וואהל! (אב).

א ב ס י ר ט ו ס : איך זאל זיין א שטארקער העלד, וואלט איך געזעהען קיין
פרוי זאל ניט וויינען און ניט ליידען.

נ א ר א ; יא, דוא זאגסט עס, ווייל דוא ביזט קיין העלד ..אָה, איהר זייט אללע
גוטע.. קום, דער אלטער קעניג זארגט זיך שוין וועגען דיר (פיהרט איהם).

א ב ס י ר ט ו ס ; וויא אזוי קען עס מעדעא א פרעמדען אזוי ליעבען? (זיי געהען).

נ א ר א ; דוא זאלסט זיין א שטארקער העלד, וואלסט דוא ניט געפרעגט אזעל־
כע קשיות.

א ב ס י ר ט ו ס ; (הערט זיך צו) אָי איך הער מע לויפט! (ערשראקען) נארא, איך
האב מורא (מילא און גריעכען קומען).

גאראַ; (ראַנגעלט זיך) מעדעא האט בעפאהלען אונז פריי לאזען. איז דער אלטער גרעק טויב?....

מילאַ; זיא מיינט ערנסט, מעדעא שפיעלט בא אונז א גרויסע ראָללע.. אָי, דיא אלטע האבען גאר קיין פערשטאנד ניט.

גאראַ; יונגער מאן מיינער, ווארום האסט דוא דאס ניט געזאגט מעדעאן?

מילאַ; מעדעא איז אזא ווילדע בארבארין וויא דוא און זיא קענען מיר, געבילדעטע גריעכען, אייך, בארבארען פאר מענשען רעכענען?.. העי! טרייבט דיא אלטע גאנז פאָרט און דעם שרעקעדיגען בארבאר שלעפט צו אונז אין לאגער (שטיל) פערגעסט ניט, יאזאן האט געבעטען. מעדעא זאָל עס ניט בעמערקען. (לויט) אלטע, גיי און זאג דיין טיראן, דאס זיינע ביידע קינדער זיינען אונזערע געפאנגענע (שטויסט זיא).

איינער; אלטע גאנז געה צום אלטער גאנער! (שלעפט זיא).

גאראַ; (וויל בעפרייען אבסירטוסן) פאלשע מענשען, בעטריגער, ליגנער, נידערטרעכטיגע גרעקען!

אבסירטוס; גארא, איך האב מורא אליין מיט זיין! גארא! (דיא גריעכען שלעפען איהם אין איין זייט און שלאגען און שטויסען פארט גאראן אין דער אנדער זייט).

מילאַ; (שטויסט זיא) ווען איך זעה דיך, פערדריסט מיך ניט, וואס איך בין אזוי גיך אלט געווארען.. גיי! גיי! דיך דארף מען ניט פאנגען! (גארא שרייט, אבסירטוס בעט זיך אללע מיט א געפילדער אב).

## פערוואנדלונג.

(א טעמפעל. א סטאטוע פון גאטט פעראנטא אויף וועלכען עס הענגט דער גאלדענער פליס, פיעל אלטע לייט זיצען אויף נידריגע טאבורעטקעס, דער קעניג איעטעס אויף א הויכען שטול. צוויי קריעגסלייטע בא'ם טיער).

קעניג: הערט מיך אויס, איהר אבערהויפטע און עלטסטע פון מיין פאלק! איין גרויסער אונגליק האט געטראפען אונזער לאנד, קאלחיס איז אין געפאהר. דאס מעער האט ארויסגעווארפען אויף אונזער ברעג א באנדע פון פרעכע רויבער, וועלכע ווילען פלינדערען אונזער קעניגרייך.... זיי זיינען אללע געשיקטע און געאיבטע קריעגסלייטע — אין איין נאכט האבען זיי נעכטען צווייא הונדערט פון מיינע טרייע לייבוועכטער געטויטעט.. אונז

אללע האט דאס פריעדליכע לעבען אבגעשוואכט; אונזערע שיפען ליעגען אויפ'ן זאמד, אונזערע שווערדען זיינען פערראָסטעט, אונזערע קריעגסלייטע זיינען פערנומען אין זייערע וויינגערטנער און פעלדער. איך בין אלט און דיא וועלכע האט געקענט זיין דיא שטיצע פון מיין טראָהן, דיא איז ניט ווערטה מעהר דעם נאמען פון איין קאָלחירין צו טראגען (קלאַפּט מיטן סעפּטער) אה, דיזע געמיינע, נידערטרעכטיגע פעררעטהערין!..

אללע: יא, זיא איז איינע פעררעטהערין! איינע פעררעטהערין איז מעדעא!..

קעניג: דעם גאָלדענעם פליס פארדערען זיי, דאס הייליגטהום פון אונזער לאנד ווילען זיי האבען. איך וועל ליעבער מיין אלטען גרויען קאָפּ זיי געבען, איך וועל אפּפערן ליעבער מיין צווייטעס קינד, מיין איינציגען זוהן, אבער דעם פליס, דאס זעגען פון אונזער פאָלק, — דאס וועלען זיי ניט קריעגען!.. אך, מיינע פריינדע! ווער האט געקענט פון אונזער מעדעא זא וואָס ערווארטען? שאנדע! שאנדע!

אללע; שאנדע! שאנדע און שמאך!

קעניג: מיך שרעקט יעצט זעהר דיא אבוועזענהייט פון מיין זוהן, אבסירטוס איז היינט פריה פערשוואונדען געווארען. איז ער ניט דאָרט מיט איהר? איז ער ניט אין דעם לאגער פון אונזערע פיינדע? ביידע פערליערען! ביידע! דאס איז איבער מיינע קרעפטע! (פערדעקט זיין געזיכט מיטן האנד. א גערויש, גארא קומט, צואוואונדעט און דיא קליידער צוריסען).

גארא: קעניג, דיין זוהן איז אין געפענגניס. דיא גריעכען האבען מיך פערוואונדעט און דיין זוהן מיט געוואלט צו זיך אין לאגער געפיהרט. זעהט, וויא זיי האבען מיך צוהרגעט.

קעניג: מיין זוהן, מיין אבסירטוס! דאס איז איהר שולד, איהר שולד! מעדעא האט בייא מיר מיין לעצטע פרייד גערויבּט!..

גארא: מעדעא, מעדעא! איהר האט גאר פארגעסען, אז מעדעא איז דאך ניט מעהר, וויא א מיידיל. זיא איז טאקי פרינצעסין, זיא איז קלוג, זיא איז מעכטיג, זיא קען אללע גראזען און קרייטיכער, אבער דאך איז זיא א מיידיל, א פרוי.... וואָס קענען מיר טהון, אז דיא געטטער האבען אייך געגעבען א מאכט אונז דיא קעפ צו פערדרייען?.. אבער איהר! ווער זייט איהר? זייט איהר קאלחירער? זייט איהר מענער? זייט איהר ווירדיגע לייטע?

קעניג: אלטע, פארט פון דאנען!

גארא: א הייפעל פרעמדע זיינען געקומען צו אונז און קאמאנדעווען! דעם

קעניגסביידע קינדער זיינען בייא זיי אין דיא הענד.... איהר וועט זעהען, זיי וועלען אויף דעם הייליגען פלים בייא אונז רויבען.... ווער זייט איהר, פרעג איך אייך, מעננער? קאלחירער?

קעניג: שמייסט זיא הערויס! יאגט זיא פארט! (דיא קריעגסלייטע פיהרען זיא הערויס) וואס? אבסירטוס איז אויף אין זייערע הענד? זאל מען באלד צו אונזער פאָלק מיט איין אויפרוף זיך ווענדען! אללע קאלחירער, וויא איין מענש זאָללען אויפשטיין! זאָללען זיי שארפען זייערע שווערדען און אין שאארען זיך זאמלען! אללע אונזערע שיפען באלד אין אָרדנונג ברענגען! האי, האי יעריהאו!

אללע: הא, האו יעריהאו!

קעניג: זאָ לאנג איך לעב, בלייבט דער הייליגע פלים אין קאלחיס! הייליגער פעראנטא, דוא הערסט עס! (נייגט זיך פארן גאטט) זאל מען דעם הייליגען פלים נעמען אין דער געוועלבע. טאג און נאכט זאללען איהם דארט דיא פריעסטער בעוואכען מיט פייער און געווער! (א ליוקע עפפענט זיך. פריעסטער קומען און מיט אווילדע געזאנג און צערעמאניעס טראָגען זיי דעם פלים אין קעללער. קעניג און אללע אויף דיא קניע. פון ליוקע שלאגט ארויס א פייער בעפאָר זיא פערשליסט זיך).

אללע: עס לעבע אונזער קעניג! עס לעבע איעטעס!...

קעניג: עין! דערלאנגט מיר מיין שווערד! מיין שווערד גיט מיר! איך האב נאך געגוג קראפט דעם שווערד אין האנד צו טראגען! זאל מען מיר מיין פערד זאָטלען! שיקט הערויס הערא לדען צום פאלק! דיא שיפען לאזט אראפ אויפן וואסער! קאלחיס שטייט אויף! דאס מעכטיגע פאלק ערוואכט!..

אללע: האין! האו! יעריהאו! (מע דערלאנגט דעם קעניג זיין שווערט).

קעניג: טויט צו אונזערע פעררעטהער! טויט צו אונזערע פיינדע! טויט צו מיינע אייגענע קינדער, אויב זיי זיינען קיינע קאלחירער מעהר!

אללע: טויט! טויט צו דיא פעררעטהער!

קעניג: דיא ערשטע, ווען מיין אלטער שווערט וועט דורכבויערען דאס הערץ, דאס איז מעדעא! דעם פאטערס האנד וועט בעשטראפען דיא זינדיגע טאכטער. מיט איהר בלוט וועל איך לעשען דעם פייער פון מיין ראכע! טויט צו דער פעררעטהערין! (מעדעא פיהרט אריין אבסירטוסן פאר דער האנד. זיא טראגט א שווארצען מאנטעל).

אללע: (בעמערקען זיא ניט) טויט צו דער פעררעטערין! טויט.

קעניג: מעדעא דארף ניט לעבען מעהר! דיא פערברעכערין מוז שטארבען!

אללע: יא, יא! שטארבען דארף זיא! שטארבען!

מעדעא: ווארום זאל מעדעא שטארבען? (אללע ערשטוינט) אָה, איהר אלטע, קאלטע ריכטער! (אללע צוריק) מעדעא דארף שטארבען, ווייל זיא וויל לעבען און גליקליך זיין? איינע פערברעכערין איז מעדעא ווייל זיא ליעבט און וויל געליעבט זיין? חע! חע! מעדעא וויים אליין, דארף זיא שטארבען אדער לעבען!

קעניג: זעהט, זיא איז געקומען, מעדעא איז געקומען!.

מעדעא: יא, אלטער, איך בין געקומען און האב דיר דיין זוהן געבראכט..

אבסירטוס: (לויפט צום פאטער) פאַטער, איך האב זיא ניט געקענט ברענגען, האט זיא מיך געבראכט. א יא מעדעא איז א גוטער גאסט בייא אונז?

קעניג: (צו מעדעא) ביזט געקומען? ביזט געקומען צוריק צו דיין פאטער? האסט זיך אומגעקעהרט צוריק צו דיין פאלק? דוא האסט פערלאָזען דעם געמיינעם, פאלשען גריעך? אה. מעדעא, איז דאס מעגליך?

מעדעא: ניין, פאטער, דאס איז אונמעגליך.... זיינע בין איך און ביז מיין טויט וועל איך איהם ניט פערלאזען.... (א מורמעל) שש! שרייט ניט! איך וויים, איך פערליער אלעס, וואס מיר איז טייער און נאהענט, איך פערליער פאטערלאנד און היימאטה, מיין פאלק וועט מיך האסען און פלוכען, מיינע ברידער וועלען מיך פעראכטען, מיין נאמען, מיין עהרע איז פערלארען.... מיינט ניט, מיר איז גרינג פון דעם אללעם זיך ענטזאגען! אבער וואס איז דאס פאר א ליעבע, ווען מען קען ניט אפפערען אלעס דעם, ווען מען ליעבט?

קעניג: מיט איהם ווילסט דוא גיין און מיך פערלאזען?

מעדעא: דוא ליעבסט מיך?.. קום אויך מיט מיר.... מיט אונז אללע! (ווילד).

קעניג: וואהנזיננינע!....

מעדעא: דוא ליעבסט מיך און ווילסט מיט מיר ניט גיין, איך ליעבע דיך אויך און וויל מיט דיר ניט בלייבען.... איך קען ניט!

קעניג: ניין! ניין! איהם, דעם פרעמדען, ליעבסט דוא. פיר דיין פאטער האסט דוא קיינע ליעבע.

מעדעא: ווער האט עס דיר געזאגט? (טרויעריג) אה, פאטער, איך ליעבע דיך מעהר פון מיין לעבען און פערלאזען דיך איז שווערער פונם טויט (טרערען שטיקען זיא) יא, דיך, אלטער פאטער, פערלאזען איז שווערער פונם טויט..

און דאך, איך זאל דיך דארפען צוואנציג מאל פערלאזען, וואלט איך דיך פערלאזט! איך זאל וויסען, דוא ווערסט מיך צוואנציג מאל פערפלוכען, וואלט איך דיך פערלאזט! מיר זאל זיין נאך צוואנציג מאל שווערער דיך צו פערלאזען, וואלט איך דיך פערלאזט! איך וואלט דיך פערלאזט, וייל איך ליעבע איהם; דוא פערשטייסט? מעדעא, דיין טאכטער, ליעבט!..

קעניג: אזוי? נון, ווארום ביזט דוא א העך געקומען, אונגליקליכע?!

מעדעא: איך האב דיר דיין זוהן געבראכט און וויל מיין ברודער נעמען (קעניג קלאפט מיט סעפטער. א מורמעל) איר פערשטייט ניט? איך האב איהם פון געפענגניס בעפרייט, אום ער זאל אלס פרייער מענש אין דיין געגענווארט ענטשיידען: וויל ער בלייבען מיט זיין אלטען פאטער, וועלכער ענדיגט שוין זיין לעבען, אדער ער וויל גיין מיט זיין שוועסטער, וועלכע פאנגט ערשט אן צו לעבען?

קעניג: איהר הערט? איהר הערט מיט וועלכע פרעכע פארדערונגען זיא האט געוואגט צו קומען? איך וועל דיר זאגען. ווארום דוא ביזט געקומען? דוא ביזט געקומען אום ניע פון דאנען פארט גיין! מיין געפאנגענע ביזט דוא! לעבענדיג גייסט דוא ניט פון מיין הויז! עי! בעוואכט אללע טיערען און טויערען! קיין מענש זאל ניט הערויסגען און ניט הערייגקומען קענען! אין קעטטען וועל איך דיך לאזען שמיעדען! אין א פעסטען טורם פערשפארען! (מעדעא בלייבט רוהיג).

אבסירטוס: (ערשראקען) זיי ניט בייז אויף איהר, פאטער! זיי ניט אזוי בייז.

מעדעא: ער וועט נאך באלד בייזער ווערען. דוא אבסירטוס, שרעק דיך ניט און בלייב רוהיג. עס גיבט אויף דער וועלט קיינע קעטטען און קיינע טורמס פיר מעדעא! קעניג איעטעס, איך וויל ניט נאר מיין ברודער מיט מיר נעמען, איך וויל אויך האבען ד.ם גאלדענעם פליס!..

אללע: (שרייען) דעם גאלדענעם פליס! דעם הייליגען פליס! (גארא לויפט אריין ערשראָקען).

קעניג: (אויסער זיך) געמיינע פעררעטהערין! אויסגעלאסענע! נידערטרעכטיגע! נעמט זיא! העלפט מיר זיא פערהאפטען.... צום טויט פעראורטייל איך זיא! צום טויט! (א אויפרוהר, אללע רינגלען ארום מעדעאן).

מעדעא: איהר, אלטע, בלייבט זיצען.... זיצט! יעדער אויף זיין פלאץ! זיצט זאג איך!.. (אללע זעצען זיך) דער פליס געהער ניט צו אונז — ער איז זייערער! (א מורממעל) דוא האסט דעם פליס בא דעם גריעך פריקסוס גע-

רויבט און דיין טאכטער ניט דיא גריעבען זייער היילינטהום צוריק....
דוא האסט דאס בלוט פון דעם אונשולדיגען פריקסוס פערגאָסען, זיי האָ־
בען דאס רעכט פערגיסען דיין בלוט (קעניג קלאַפּט מיט'ן סעפּטער אללע מורמלען)
יא! זיי האבען דאס רעכט.. אבער מיך אינטערעסירט זעהר וועניג פריקסוס
און וועלכע רעכטע דיא גריעבען האבען. יאזאן פערלאַנגט דעם פליס און
מעדעא האָט איהם דעם פליס פערשפּראָכען.. (קוקט זיך ארום) וואו איז
דער פליס? אה! איך ווייס.. דארט איז ער! דארט!.. (עפּפענט דיא טיער)
דעם פליס! דעם פליס אהער! (פון רער לויקע שלאַגט ארויס א פייער. זיא פער־
וויקעלט זיך אין איהר מאנטעל) ניט מיט קעטטען, ניט מיט שווערטען און ניט
מיט פייער קענט איהר אבשטעלען מעדעא! דעם פליס דארף איך האבען!
דעם פליס נעמט מעדעא! (אריין דורכען פייער, אללע, אויסער אבסירטוס און
גארא, נאך איהר. אין קעללער א געשריי מיט אַ געפּילדער).

אבסירטוס; הילפע! הילפע! גארא, זיי וועלען זיא דערהרגנ'. זיי וועלען זיא
פערברענען מיטן צויבערישען פייער, דוא ווערסט זעהען.... גארא, דוא ווייסט?
אויב דער פאטער וועט איהר שלעכטס טוהן, וועל איך איהם קיין מאל
ניט ליעב האבען!.. איך וועל איהם פיינט האבען! איך וועל איהם האסען.
רעטע זיא, גארא, רעטע זיא! אָ! פאר וואס בין איך ניט אזוי שטארק וויא
א גריעך?..

גארא; רעטען זיא קען איך ניט.... אונגליקליכע, דיא ליעבע האט איהר זינן
נערויבט. זיא איז פערלארען!.. וויי איז מיר, זיא איז פערלארען! (זיא פער־
פרעכט איהרע הענד, א גערוש דיא טיער עפענט זיך, מעדעא מיטן פליס אונטערן
ארם. דאס נעזיכט און דיא הענד פערברענט. נאך איהר דער קעניג. ער איז זעהר
שוואך).

מעדעא; (העלפט איהם) קום, קום. אלטער, איך וועל דיר העלפען. דיא איבריגע
אבער דארפען בלייבען דארט! (שליזסט צו דיא טיער) זיצט דארט, זא לאנג
מעדעא איז דא. נון, דעם פליס האב איך שוין....

קעניג; יא, יעצט טויטע מיך און געה! (דיא פערשפּארטע קלאַפּען).

מעדעא; דיך טויטען? דיר שלעכטס טוהן? אה, אלטער, דוא האסט קיין מאל
ניט נעליבט.. איך בין גליקלאך און ווינש פון גאנצען הערצען גליק יעדען
איינציגען.. ווען אללע מענשען זאלען יעצט איין קאפּ האבען, וואלט איך
געוואלט דיזען קאפּ צודריקען צו מיין הערץ.... דיא גאנצע וועלט וואלט
איך אנגעפילט מיט מיין פרייד, ווייל איך ליעב און בין געליעבט! זעה, וויא

זייא האבען מיך צוברענט און צוא וואונדעט — איך פיהל קיין ווייטאָג, ווייל איך ליעב.... איך פערליער מיין פאטער און פערצווייפעל ניט — איך האב ליעב. אה! איך וויים, ניע ווערסט דוא עס בעגרייפען און ניע מיר פערגעבען. עס איז ניט מיין שולד. ריא געטטער ווילען עס — עלטע־רען און קינדער זאָללען פערשידענע שטרעבונגען האבען. דער ווינטער שטימט ניט מיטן פריהלינג, דיא עלטער שטימט ניט מיט דער יוגענד....
(פערטראכט זיך) נון, אבסירטוס און גארא, מעדעא דארף גיין.. אלטע. ווע־מען ליעבסט דוא מעהר: זיך אדער מיך? ניין! ניט מיט רייד דארפסט דוא ענטפערען!.... ליעבסט דוא מיך, דען גייסט דוא מיט מיר טיילען גליק און אונגליק, פרייד און שמערצען..

ג א ר א ; אויף דיא עלטערע יאהרען גיין וואנדערען? וויי איז מיר!....

מ ע ד ע א ; מיט מעדעאן ווערסט דוא וואנדערען. (גארא שווייגט) נו? דיא צייט שטייט ניט.... מע ערוואַרטעט מיך.... בלייבסט דוא דאָ, גאראַ?.

ג א ר א ; דיין שקלאַפין בין איך און דוא ביזט מיין קינד.... זאל געשעהען דער וויללען פון דיא געטטער, איך וועל דיך ניט לאזען אליין וואנדערען אין פרעמ־דע לענדער.... (וויינט) ניין, איך וועל געהען מיט דיר. (גייט איבער אויף איהר זייט, מערעא אומארמט זיא).

א ב ס י ר ט ו ס ; פאַטער, וויא אזוי וועל איך קענען לעבען אהן מעדעא׳ן?

ק ע נ י ג ; מיין קינד, מיין זוהן! וואס ווילסט דוא טהון? אויף ווענען וועט איהר מיך דא פערלאזען? מיט וועמען וועל איך בלייבען אויף דער עלטער? (מע־דעא קערט זיך אב און וויינט).

א ב ס י ר ט ו ס ; פאָלג מעדעא׳ן און קום אויף מיט אונז.... מיר דארפען דאך לעבען נאר צו ליעב מעדעאן....

מ ע ד ע א ; איך, אבסירטוס, צווינג דיך ניט.... איך וויל דיך ניט צונעמען פון דיין פאטער.... איך רוף דיך ניט.... קענסט דוא בלייבען דא? בלייב, בלייב מיט׳ן פאטער, איך געה. (זיא געהט).

א ב ס י ר ט ו ס ; און ווען ווערסט דוא קומען, מעדעא? ווען וועל איך דיך ווידער זעהען?

מ ע ד ע א ; (טרויריג) ווען וועל איך קומען? קיין מאל ניט.. דיא זעגלען פון דער גריעכישער שיף זיינען שוין אויפגעצוגען און איך פאהר באלד אב. ווען ווערסט דוא מיך זעהען? אה, ברודער, ניע אין דיין לעבען.... איך וועג זיין ווייט, זעהער ווייט.... צום לעצטען מאל איז מעדעא דא אין איהר פאטערס

הויז.... ניע וועט מיין פוס אריבער טרעטען דיזען שוועל.... דוא זעהסט? איך קויש דעם שוועל, וועלכען איך וועל באלד מוזען אריבער טרעטען צום לעצטען מאל.... (פאלט צו צום שוועל און וויינט, גארא הויבט זיא אויף) אללעס וואס מעדעא האט געשעצט און געליעבט בלייבט דא.... אגיין געה איך מיט זיי, מיט דיא פרעמדע....

גארא; קינד, מיט דיר געהט דיין ערגעבענסטע טרייע נארא. (אומארמט זיא און וויינט).

אבסירטוס; און איך? איך מוז אויך זיין דארט, וואו מעדעא איז.... (לויפט צו איהר, ברודער און שוועסטער וויינען אומגעארמט).

קעניג; געטטער! קומט יעצט דער פלוך פון פריקסוס'ן? וועל איך ווירקליך פאר זיין בלוט מוזען בעצאלען מיט מיין לעבען און דאס לעבען פון מיינע קינדער? (דיא פערשפארטע קלאפען ווידער).

מעדעא; (קומט פלוצלונג צו זיך) נענונג! איך פיהל מיינע קרעפטע פערלאזען מיך. מעדעא דארף קיין שוואכהייט פיהלען, איך דארף ניט וואנקען און צענערען! שנעלל אהין! יאזאן ערווארטעט מיך! מיין געליעבטער רופט מיך צו זיך!.... (לויפט צום פאטער, דריקט שטארק און ווילד זיין קאפ צו איהר ברוסט) מיט מיר, מיינע איינציגע פריינדע! מיט מיר, מיינע טייערע! (נעמט זיי ביידע פאר דיא הענד און געהט ראַש).

קעניג; מיינע קינדער! מיינע קינדער! מיינע קינדער! (פאלט. אין קעללער א שרעקליכע קלאפעריי און געשרייען).

פארהאנג.

# פיערטער אקט.

(אין הינטערגרונד דאַס רוישענדע מעער אין פאָדערגרונד שטיינער און פעלזען, פון דיא זייטען ציהען זיך הויכע בערג. אַ שטורם. עס דונערט און בליצט, דער ווינד יאָממערט, עס איז גאַנץ דונקעל, וווייט הערען זיך שטיממען, נאָכדעם הערט זיך אַ געבעט).

ארגאנאווטען (זינגען) ערבארם דיך איבער אונז, פאסיעדאן, דוא מעכטי-נער גאטט פונ'ם מעער! פערנעם אונזער הייסעס געבעט, ערפיל אונזער

איינציגעס בענעהר! רוף צוריק דעם שרעקליכען שטורם, צייג אונז דיין קראפט און דיין מאכט! פערשווינדעט, איהר פיינדליכע מעכטע, צוזאממען מיט דער שרעקליכע נאכט (דיא „אַרגאָ״ קומט געוואָרפען פון דיא וועללען. אויפ'ן דעק אַללע גריעכען, יאזאָן, מילא, גארא, מעדעא, אבסירטוס. עס ווארפט ארוף דיא שיף אויף דיא פעלזען. א קראך, א געשרייא׳)

יאזאן. קאמראדען און פריינדע, בערוהיגט אייך. דיא גרעסטע געפאהר איז פאריבער! (ער לויפט און בעטראכט דיא שיף) איז דיא שיף גאנץ, זיינען מיר אַללע גערעטעט?

מעדעא: זאל מען זעהען אונטען אין דיא טריומען, אויב דיא שטיינער האבען ניט דורכגעשניטען דיא שיף.

מילא: (גראָב) . קיין פרויא האט דא קיין רעכט צו בעפעהלען. איך האב עס ניט ערלויבט ווען איך וואר יונגער, יעטצט וועל איך געוויס ניט ערלויבען. (צו דיא גריעכין) זעהט אויב דאס וואסער דרינגט זיך ניט אין שיף אריין. (איינינע אב)

גארא: אַי, דיא העסליכע גרעקען, איך האס זייא....

מילא: וואס האסטו געזאגט, ווילדע?

מעדעא. איהר זאלטביידע יונגער זיין, וואהלט איהר געוועז פריינדליכער. (שטיל) גארא, פערגעס ניט, דוא וועסט מוזען מיט זייא אין פריעדען לעבען.

גארא: ניט דערלעבען זאללען זיי! (אייניגע גריעכען קומען צוריק פון דיא טריומען מוט פאקלען. עס ווערט ליכטיגער. מילא און אללע ארגאנאווטען רינגלען ארום יאזאנען און רעדען שטיל)

אבסירטוס: דאס בייזע וואסער איז אזוי ווילד און שלעכט. אי! ניט אומזיסט האט מיך דאס מעער נאך פון דער ווייט אזוי געשראקען. עס איז נאך זעהר ווייט צו פאהרען? מיין הערץ זאגט מיר, איך וועל ניט דערפאהרען אהין צו זייא א לעבעדגער (מעדעא רעדט צו איהם פריינדליך.)

איינער: (קומט פון טריום) דיא שיף איז גאנץ, געקליבט זיינען דיא געטטער!

אללע; (מיט פרייד) עוואן עוואיע!

מילא; יעצט, יאזאָן, הער אונז אויס. מיר, אללע ארגאנאווטען דארפען מיט דיר פון עטוואס וויכטיגעס שפרעכען.

איינער; יא, יא! באלד! דיא צייט איז טייער. (אללע: באלד! יעצט! שוין!)

יאזאן: קאמראדען, איך בין אייך איממער בערייט אויס צו הערען.

מילא; אבער ניט אין דער געגענווארט פון דיעזע פרויען.

א י י נ ע ר, דוא אליין מוזט אונז אויס הערען! (אללע: ער אלליין! ער אלליין!)
(א מורמול.)

י א ז א ן; מעדעא, דוא מוזט אונז אויף א סורצע צייט פערלאזען.

מ ע ד ע א; דארפען מיר פארט גיין ווייל מיר זיינען פרעמדע, אדער ווייל מיר זיינען פרויען?

י א ז א ן; איהר זייט קיינע פרעמדע דאָ, אבער איהר זייט פרויען. עס פאסט ניט, א פרויא זאָלל אַללעס הערען און אללעס וויסען.

מ ע ד ע א; אללעס וואָס עס פאסט צו הערען און צו וויסען פאר איין מאן, דארף אויך פאסען פיר איין פרוי..

ג א ר א; דאס איז בייא אונז אזוי. באַ זיי אבער דארף א פרוי ניט וויסען, ניטן הערען, ניט זעהן — זיי זיינען דאך געבילדעטע גריעכען. (ארגאנאווטען מורמלען בייז).

מ ע ד ע א; אבער דאך, גארא און אבסירטוס, קומט, מיר דארפען דא ניט בלייבען — יאזאן פערלאנגט עס.. (אפארט, דיא גריעכע: בעהאנדלען דיא פרויען וויא קליינע קינדער: זיינען זייא אויפגעלעגט גוט, שפיעלען זיי זיך מיט זיי, און ווען ניט — בעפעהלט מען זיי פארט גיין — מעדעא איז קיין קינד — מעדעא ליעבט עס ניט.(מעדעא אבסירטוס אונ גארא אב אין טריום).

מ י ל א: יאזאן, דריי טעג האבען אונז דיא וואסערן געיאגט איבערן מעער. דריי טעג האבען אונז דיא געטטער געדראהט מיט טויט און שרעק — עס איז ניט אומזאנסט!

א ל ל ע; (העכער) עס איז ניט אומזאָנסט! ניין, ניין! עס איז ניט אומזאָנסט!

מ י ל א; יעצט האט אונז דאָס מעער ארויסגעוואָרפען אויף דוא פעלזען, דיא שיפען פון דיא קאלחירער קענען אונז יעדען אויגענבליק עררייכען. עס איז איין ווארנונג פון דיא געטטער.

א י י נ ע ר: דיא צויבעריך, דיא צויבעריך ברענגט אונז אונגליק. אללע. זיא! נאָר זיא!

מ י ל א; דוא הערסט? אללע ארגאנאווטען פאָרדערן, דוא זאָלסט אונז בעפ־רייען פון דער שווארצעד צויבעריך, פון דער ניפטמישערין! בלייבט זיא מיט אונז — געהט געוויס אונזער שיף צו גרונדע. זיא איז דיא אורזאכע פון דיא געטטערס צארן, דוא ווילסט דאָך ניט צו ליעב איינע בארבארין אפפערן מיט אלע דיינע קאמעראדען?

א ל ל ע; מיר ווילען זיא ניט האבען אויף אונזער שיף! מיר וויקען ניט!

א י נ ע ר ; זיא האט אונז נעזוכט אלע צו פערניפטען.

מ י ל א ; ניט נאך איהר. נאכ'ן גאלדענעם פלים זיינען מיר געפאהרען..

א ל ל ע ; פארט מיט איהר ! פארט !

י א ז א ן ; גריעכין, מענער. פון העללאס (א טומעל) פריינדע, איך בעט אייך, ניט מיר דאס ווארט. (געשרייען: גיט איהם דאס ווארט, ניין ! יא)

א י נ ע ר ; אונז קען מען ניט פערבלענדען דיא אויגען מיט ווערטער !

י א ז א ן ; אויב דאס, וואס זיא איז מיין פרוי, האט ביי אייך קיין בעדייטונג, פערגעסט ניט זיא וואר איינינע מאל אונזערע רעטטערין ! פערגעסט ניט, זיא האט אונז דעם הייליגען פלים נעבראכט, גריעכען זייט איהר און וויא גריעכען דארפט איהר האנדלען.

א ל ל ע ; זיא איז איינע אונרייננע צויבערין, פארט מיט איהר ! (עס דונערט און בליצט).

י א ז א ן ; קימערט אייך ניט. זייט רוהיג, דיא געפאהר איז יעצט שוין פערביי. איך פיהל, מארגען וועט זיך דער וועטטער ענדערען, מיר וועלען דיא שיף הערונטער שלעפען פון דיא פעלזען און גליקליך אונזער רייזע פארט־זעצען......

א י נ ע ר ; מיר האבען פיעל צייבענס, זיא וועט אונז אונגליק ברייננען. (אללע : מיר דארפען זיא ניט)

י א ז א ן : מילא, העקף מיר זייא בערוהינען ! וואס ? האב איך דא צווישען אייך קיינע פריינדע מעהר ? וואס פארדערט איהר פון מיר ? וואו זאל איך דיעזע פרויען פערלאזען ? זאל איך זיי אין וואסער שמייסען ?

מ י ל א ; לאז זייא דא אויף דיא פעלזען, דיא קאלחירער וועלען זיי שפעטער דא נעפינען. איך פערשטיי דיך ניט, יאזאן, ביזט דוא פערענדערט געווארען, אדער איך בין שוין ווירקליך געווארען צו אלט ?

א י נ ע ר ; שמייסט זיא הערויס אויף דיא שטיינער ! רייניגט אב דיא שיף !

א ל ל ע ; יא ! יא ! אויף דיא שטיינער !

א י נ ע ר ; זיא האט א שלעכטען מזל, דיא שווארצע.

י א ז א ן ! איהר פארדערט אונמענגליכעס. איהר וועט מיך ניט קענען צווינגען זיין זא אונדאנקבאר נעגען דיעזע פרוי ! זא לאנג איך לעב, וועט אייער פערלאנג ניט ערפיהלט ווערען ! (אללע מורמלען. עס דונערט און בליצט);

א י נ ע ר : דוא ביזט קיין קאמעראד מעהר !

צ ו ו י י ט ע ר : ער איז איין פעררעטהער ! (אללע שרייען יא ! יא ! געוויס)

יאָזאן; שטיל! יעדער אויף זיין פלאץ! טהוט וואס איך בעפעהל אייך!

איינער; ווער בעפעהלט אונז? מיר זיינען אלע דא פרייע גלייכע גריעכען!
(אללע מורמלען)

יאזאן; ווער בעפעהלט? איך! איך! יאזאן! דער, וואס ליידעט קיינע בע־
ליידיגונגען און קיין אונארדענונג. (שטעכט „איינעם" מיטען שווערד) קיינע פרע־
כע אויפריהער ביי אונז אויפ'ן שיף (ווארפט דעם ערשטאכענעם אינ'ם וואסער
אללע איבראשט) ווער נאך פון אייך וויל מיט יאזאנען יעצט רעדען? (אללע
שטיל צוריק)

מילא; איך האב אייך פריהער געזאגט, איהר פארדערט פון יאזאנען אונ־
מעגליכעס, — איך בין אלט און וויים דאך, וואס הייסט פערליעבט צו
זיין....

צווייטער: האט דען יאזאן קיין רעכט צו זיין פערליעבט? איך פערשטיי
ניט, ווער דארף דיא סקאנדאלען? (אללע: ווער דארף עס?..)

יאזאן; ווירקליך איז דען ניט בעסער פיר אייך, איהר זאלט אייך אלע גוט
אויסרוהען נאך דיעזע שרעקליכע דריי רייזע טעג? מארגען גאנץ פריה
מוזען מיר אונזער שיף פון דיא פעלזען בעפרייען. ווילט איהר דען אריינ־
פאלען צו אונזערע פערפאלגער אין דיא הענד?

אללע: ניין! ניין!

מילא: דיא געטטער זאלען אונז בעוואהרען פון אזא אונגליק.

יאזאן: דיא געטטער וועלען אונז ניט העלפען, ווען ביי אונז וועלען צאנקע־
רייען זיין און דיא קאלחירער וועלען אונז געוויס עררייכען....

אללע; יאזאן האט רעכט.... געוויס, געוויס.

יאזאן: נון, פאלגט מיין ראטה און געהט אללע רוהען. איך אליין וועל שמיין
ביז'ן טאג אויף דער וואך, געהט און דיא געטטער זאללען אייך שיקען
גוטע, זיסע טרוימע. אללע: (גייגענדיג) יאזאן איז דאך א גוטער קאמעראד,
ער איז אונזער פריינד. (אללע אב)

מילא: אי, געטטער, נאך וואס האט איהר אייך אזוי געאיילט מיך צום
אלטען נאררען מאכען? (אב)

יאזאן: (געהט אום, ווען מען געהט פארט מיט דיא פאקעלען ווערט ווידער דונקעל,
שפעטער ווערט שטילער און לאנגזאם ליכטיגער) זיא זאגט: ליעבע קויפט מען
מיט בלוט — אכטונג מוז מען אויך מיט בלוט קויפען! איין מאל פאללען
פאר זיי, הייסט עס: ניע ווידער פעסט שטיין.. מען דארף זיי קענען

(געהט אום) אויפמערקזאם, דיא קאלחירער קענען יעדען אויגענבליק קומען (קוקט אין וואסער און הערט זיך צו) זיא האט מיר אזוי פיעל אפפער גע־בראכט, וויא קען איך געגען איהר זיך ציינען? מיט איהר פייערדיגע ליעבע און ווילדע איבערגעבענהייט אליין פערדינט זיא פון מיר בעשיצט צו זיין. עס מוז געשעהן. מעדעא קומט אין העללאס אלס יאזאנס פרוי, און אין דיא שפעטערע צייטען, ווען אונזערע דיכטער וועלען ערציילען פון יאזאנס העלדענטהאטען, וועט אויך איהר נאמען דערמאנט ווערען (געהט צום בארט) עס ווערט שטיל, דאס געוויטער געהט פערביי. נאר איין טאג און דיא קאלח־רער וועלען שוין אונז ניט עררייכען. (שטייט לאנג פערטראכט נאכדעם שרייט ער אויס) עוואיע! האי.. הא.. (זינגט) עס רוישען דיא וואסערן עס שטורמען דיא וואלען.

אויף דער פלאכע פון מעער איז פינסטערניס געפאלען....

וועכטער, דוא שלאף ניט! דוא שטיי אויף דער וואכט,

ביז ס'וועט פאריבער דיא שרעקליכע נאכט! עוואיע! האי! הא!

עס קראכען דיא זעגלען, עס פאלען דיא מאסטען,

עס העלפט קיין געוויין מעהר, קיין בעטען, קיין פאסטען, וועכטער

א. ז. עוואיע האיהאו!

דיא זונן וועטער שיינען — שוין ליכטיג און שטיל;

דיא שיף טראגט זיך ווידער צום ריכטיגען ציעל. וועכטער, א. ז. וו.

(ער בלייבט שטיין לאנג ביז ער ווערט אנשלאפען. עס ווערט נאך ליכטיגער. מעדעא קומט שטילערהייט).

מעדעא: איך קען ניט זיין דארטען — מיין הערץ איז דא מיט איהם. ער שלאפט? שלאף, מיין העלד, מיין גאטט, מיין געליבטער! איך וועל פיר דיר דיא וואכט האלטע. מעדעאס אויגען וועלען בעסער זעהן, וואס עס קומט פאר אין דער פינסטערניס, מיינע אויערען וועלען גיכער דערהערען יעדען פערדעכטיגען גערויש. (קוקט אין וואסער) עס איז געפעהרליך יעצט אהן א וועכטער — דיא פיינדע קענען אונערווארטעט קומען. פיינדע?.. זיינע פיינדע זיינען אויך מיינע פיינדע.... מעדעא האט פיינדע דארט און האט פיינדע דא.. אך! דאס גליק קומט צו אונז צו זאמען מיט פיעל פיינדע.. דאכט זיך, וויא האט דאס געקענט געשעהן? גאר ניט לאנג נאך האב איך געלעבט דארט רוהיג, זארג־לאז, אהן פיינדע.. דארט אין יענעם לאנד, וועלכעס איז פערשוואונדען געווארען אינ'ם נעבעל.. (פערטראכט זיך)

אהו דאָס אללעס איז גאר נישט—איך האב איהם ליעב. (געהט צו איהם. בעטראכט איהם לײדענשאפטליך, קושט שטיל זײן האנד) ש ש ! יאזאן שלאפט.. דער שטורם װערט שטיל, דער װינד זינגט איהם א ליעד, דאס מעער װיגט איהם און מעדעא איז זײן װעכטער (בײגט זיך צום װאַסער און הערט זיך צו לאַנג) הא? װאס איז דאָס ? איך הער א גערויש. שטימען טראגען זיך װײט פון מעער. װאס קען עס זײן ? אהו דעם פאטערס שיפען קומען.. העי ! יאזאן ערוואַך פון דײן שלאף ! דײנע פײנדע קומען ! דיא שיפען פון קאלחיס רױשען ! הא העי ! (עס װערט נאך ליכטיגער).

י א ז א ן : (ערוואכט) הא ? װער איז דאָ ? מעדעא, דוא ביזט עס ?

מ ע ד ע א ; איך, דײן װעכטער. שנעל, שיפען קומען ! (יאָזאָן קוקט זיך צו לויפט צום גלאק קלינגט שטאַרק. אלע, לויפען ארויס אנדערע טוען זיך אָן לויפענדיג. א ליארם)

מ י ל א ; (לויפענדיג) װאס איז געשעהען ? אי ! מײנע אלטע בײנער.

י א ז א ן ; שנעל דיא שיף העראָב פון דיא שטײנער ! (אללע שפרינגען אויף דיא פעלזען אין אונארדענונג,)

מ י ל א ; צו שפעט, עס איז קײן צײט דאָ מעהר.

א ל ל ע ; מיר זײנען פערלארען.

מ י ל א ; װאס טהוט מען יעצט ? אה, אה, װען איך זאל זײן יונגער.

ג א ר א ; הארט אוים, דיא װילדע װעלען אײך װײזען, װיא מען דארף ראבע נעהמען.

א ב ס י ר ט ו ס ! רעד ניט גאָרא, איך האב מורא.

י א ז א ן ; דאס אײנציגע װאס מיר קענען טהון : װעהרען זיך זא לאנג מיר װעלען קענען, און דא שטארבען מיט'ן שװערט אין האנד. אללע פיר'ן געװעהר !

מ י ל א : גיעבט דא קײן ראטה ? בין איך װירקליך אזוי אלט, דאס איך קען קײן ראטה פינדען ?

י א ז א ן ; שטארבען, װיא גריעכען, װיא העלדען, דאס איז מײן ראטה !

מ ע ד ע א : שטארבען ! דוא זאלסט שטארבען ? ניין ! ניין ! עס גיעבט אײן ראטה.. בלײבט שטיל.. הערט מיך אוים.

א ל ל ע ; זיא װיל אונז איבערגעבען אין זײערע הענדן זיא איז אײנע פעררעטהערין !

י א ז א ן ; װאגט עס ניט צו דענקען ! װער האט דיא שיפען ענטדעקט און דעם ליארעם הערויסגערופען, װען ניט זיא, מעדעא, יאזאנס געמאהלין ?

א ל ל ע ; זיא ? זיא !

מ ע ד ע א ; (פערטיעפט אין איהרע געדאַנקען) ווען דיא קאלחער וועלען קומען אהער מיט זייערע גרויסע העק און לאנגע שפּיזען, דאן זייט איהר אלע פערלארען. ער ! יאזאן וועט פאללען דער ערשטער... קיין גנאדע און קיין ערבארמונג קען יאזאן ערווארטען.. איך וויים עס.

מ י ל א ; זעהט, זעהט, וויפיעל שיפען ציהען זיך איינע נאך דיא אנדערע. א שרעקליכע מאכט געהט געגען אונז...

מ ע ד ע א ; איך וויל ניט אז ער זאל שטארבען (אַ בליק אויף אַבסירטוסען) הערט מיין ראטה : לאזט אראָפּ מיין ברודער אויף א קליין שיפעל אויפ'ן מעער. מיין פאטער וועט דערזעהן זיין געליבטען זוהן אין געפאהר און וועט אבשטעלען אללע שיפען איהם צו רעטען.. דערווייל געווינט איהר צייט.

א ב ס י ר ט ו ס : (ערשראָקען) וואס האסט דוא געזאָגט, מעדעא ? איך פערשטיי ניט.

א ל ל ע ; עס איז א פּלאן ! זיא האט רעכט !

מ ע ד ע א ; נאכרעם ווען זיי וועלען שוין אבסירטוסען אויף דעם קעניגס שיף הערויפנעהמען, וועל איך מיך זעטצען אויף א אנדער שיפעל און וועל ארויס שווימען ווייט אינ'ם מעער. זייער צוג וועט זיך נאך אמאל אבשטעלען, אבער מיין שיפעל וועלען זייא ניט עררייכען, ביז איהר וועט ניט זיין ווייט, ווייט.. (ווילד) איהר וועט זיין גערעטעט !

א ל ל ע ; (מיט פרייד) עוואן עוואיע !

י א ז א ן ; דוא אויך ? וואס רעדסט דוא דאס ? מעדעא, ווילסט דוא דען צוריק צו זיי ? ווילסט מיט זייא לעבען ?

מ ע ד א ; לעבען ? יאזאן, איך וועל ניט לעבען דארט, אבער דוא וועסט לעבען.

נ א ר א : און איך ?

מ ע ד ע א : אה ! ווער דענקט יעצט פון דיר ? גוט, איך וועל דיך מיט נעמען נארא, איך נעם דיך מיט.. שנעלל, דיא שיפען ערנעהרן זיך !

מ י ל א ; לאזט הערונטער דיא קליינע שיפעל, געשווינד ! (מע לאָזט אַראָפּ אַשיפעל.

י א ז א ן ; פלינק, דעם יונגען בארבאר אינ'ם וואסער! מיר מוזען אונז איילען, מיט אונז צוזאמען דארף אויך מעדעא געדעטעט ווערען. זיא וועט אין גריכענלאנד פערדאפלען אונזער רוהם און עהרע....

מ י ל א ; נון, פרינץ, קום צום פאטער ! (אייניגע רינגלען איהם אַרום).

א ב ס י ר ט ו ס : מעדעא, וואָס ווילען זיי טוהן מיט מיר ? דאס וואסער

שרעקט מיך. איך וועל דערטרונקען ווערען.. (ציטערט) גארא, לאז זיי ניט.

גארא: אה אונגליקליכעס קינד! (קערט זיך אב אונד ווייגט)

מעדעא: זיי איין מאן, אבסירטוס! נעם דיא רודער. זעה, דעם פאטערס שיפען זיינען שוין ניט ווייט, זיי ניט אזוי ערשראקען....

אבסירטוס: איך האב מורא.... מעדעא, איך בעט דיך.... דאס מעער שרעקט מיך.

מעדעא; נארר! זיי וועלען יאזאנען צוהאקען אויף שטיקער, זיין קאפ און זיין הערץ ארויפשטעכען אויף שפיזען!

אבסירטוס: א יא, גארא, איך וועל שטארבען? בעט מעדעאן, זיא זאל ניט זיין אזוי שלעכט....

גארא; וואס זאל איך זאגען און וואס קען איך טהון?....

מעדעא; דוא ווערסט ניט שטארבען.... זיי וועלען דיך באלד פון דיא שיפען בעמערקען.. וויא איך, דארפסט דוא זיין און וויא איך דארפסט דוא זוכען צו רעטטען יאזאנען!.... איך קען ניט.... עס גיבט קיין אנדער מיטעל.... (מע לאזט איהם אראפ מים געוואלד. ער שרייט: מעדעא! גארא!)

גארא: אהה, מעדעא! דיא ליעבע האט נערויבט דיין זינן, דיין פערשטאנד, דיא געפיהלע פון א שוועסטער און פון א טאכטער (דיא גריעכען שלעפען דערווייל מיט שטריק דיא שיף און שטופען זיא אין וואסער).

מעדעא; (הערט ניט)! נעם דיא רודער, אבסירטוס! האלט זיך שטארק! האב קיין אנגסט....

אבסירטוס; (פון שיפעל) איך האב מורא, מעדעא, איך האב מורא....

מעדעא; מעדעא! וואס זאל טהון דיא אונגליקליכע מעדעא? (פאלט צו צום בארט און וויינט).

יאזאן; (נייגט זיך צו איהר) אהו מעדעא, דיינע העלדענטהאטען וועלען דיך מאַכען בעריהמט אין דעם גאנצען לאנד פון העללאס....

מילא; זיא וויינט?.... לאזט הערַאב דיא אנדער שיפעל. מיר וועלען פון דער ווייט איהם נאכפאלגען — עס זאל מיט איהם קיין אונגליק געשעהען....
(פלינק נאך א שיפעל. מילא און אייניגע אין מעער).

מעדעא; אה, יאזאן, דיין אלטער פריינד איז אויך איין גוטער מענש.. (קוקט אין וואסער) ער איז שוין ווייט.... אין! א גרויסער וואלל געהט אויף איהם. פערביין!.... ער האלט זיך מיט דיא הענד און רודערט ניט.... ער קוקט זיך הערום.... ער זוכט הילפע.... וועה איז מיר!.. (שרייט) אבסירטוס,

פֿערליער ניט דיין מוטה, מעדעא קומט אויך באלד צו דיר!.... ער הערט ניט.... דיא וועללען טראגנען איהם.... יאזאן, זעה, מילא שווימט צו לאנגזאם (זיא קוקט אין וואססער).

יאזאן; דיין פאטערס שיפען ערנעהערען זיך, ער מוז זיין פארזיכטיג.... (צו דיא גריעכען) דיא זייט! דיא אנדערע זייט!.... עוואיע! דיא שיף בעוועגט זיך.... שטארקער! שטארקער! נאך איין מאל! נאך איין מאל! העד — דאה! העד — דאה!

אללע; (שלעפען דיא שיף אין טאקט) הע״ע—האה! הע״ע—דאה! הע״ע—דאה!..
(ארבייטען שטיל)

מעדעא; דאס וואסער טראגט דיא שיפעל אן א זייט.... אה! ניין!.... פער־ביי.... זיי זעהען איהם ניט.... דיא שיפען געהען מיט זייער פוללען גאנג.. אהא!.... איך זעה שוין דייטליך דעם קעניגס שיף.... ווידער!.. דיא שיפעל האט זיך אויפגעהויבען אויף דעם רוקען פון א הויכען וואלל.... אך! וויא ווייט פון איהם מילא׳ס שיפעל איז.... הא! העין! הא! העין!.... א בעוועגונג אויף דער ערשטע שיף! זיי האבען איהם בעמערקט! זיי האבען איהם בעמערקט! געטטער, זיי האבען איהם בעמערקט! (מיט טרערן און פרייד).

יאזאן; (צו דיא גריעכען) יעצט ווידער פון דיזער זייט! דיא שיף בעוועגט זיך!.. לעבעדיג! הע״ע—דאה! הע״ע—דאה!

אללע; (שלעפען פון דער אנדער זייט) הע״ע—דאה! הע״ע-דאה!

מעדעא: וואס איז דאס? איך זעה איהם ניט!.... איך זעה ניט דיא שיפעל. אהא!... קוים וואס מען קען עס בעמערקען.. זעהט.. א וואלל האט זיא אויפגעהויבען און א שטויס געטהון אין אבגרונד אריין... שש.... פער־שוואונדען געווארען... אללע שיפען געבליבען שטיין.... א בעוועגונג אויף אללע שיפען.... הא? איך הער א געשריי.. מע לויפט צו דיא בארטען... אה! יאזאן! יאזאן יאזאן!.. (שרייט פערצווייפעלט, יאזאן לויפט צום בארט).

יאזאן; וואס איז? וואס איז געשעהען? מילא שווימט ראש צוריק.. האי הא! מילא, שנעלל! באלד זיינען מיר אויף וואססער....

מעדעא; מען לאזט הערוב קליינע שיפלאך... זעה, וויא מע: לויפט הערום דארט.... אה! מיין הערץ זאגט מיר, עטוואס ניט גוטעס איז געשעהען... איין אונגליק איז געשעהען!....

יאזאן; ווען וועל איך אימשטאנדע זיין, טייערע, דיר פיר אללעם אבצודאנקען (וויל זיא אומארמען).

מעדעא; נײן! נײן! געה ניט צו צו מיר יעצט! איך דארף יעצט קיין דאנק! מילא, וואס איז געשעהען? הא? (ווילד) לאזט מיך אין שיפעל אריין (וויל אראפשפרינגען, יאזאן האלט זיא מיט אללע קרעפטען) איך וויל שווימען אהין! איך וויל זעהען מיין ברודער!

מילא (אונטער דיא קוליסען) צו שפעט! (קלעטטערט אויפען שיף) צו שפעט! דיא וועלען האבען איבערגעקערט דיא שיפעל... זיי זוכען איהם יעצט אינם וואסער.

מעדעא; צו שפעט! צו שפעט! צו שפעט!( אין פערצווייפלונג. פערדעקט איהר געזיכט).

מילא; ווען דער אלטער קעניג האט עס דערזעהען, האט ער זיך אליין געוואלט ווארפען איבער'ן בארט.... איך האב בעמערקט א גרויסען אויפרוהר אויפן שיף און דאן האב איך געהערט א שרעקליכען, ביטערען יאממער געשריי פון אללא ווילדע... מילא איז נאך ניט אזוי אלט, ער זאל ניט פערשטיין, וואס עס בעדייטעט.... יאזאן, זיי זיינען פערצווייפעלט און מיר זיינען גערעטטעט!

אללע: עוואן עוואיע!

יאזאן; קוקט אהער! וואס זעה איך? זיי וויזען אונז פריעדענצייכענס.... עטליכע קליינע שיפלאך האבען זיך אבגעטיילט און שווימען אהער. שנעלל! גרינע צווייגען אהער!.... זיי זוכען פריעדען און מיט פריעדען זאללען מיר זיי בעגעגענען (אייניגע לויפען און דיא טריומען און ברענגען גרינע צווייגען).

מילא; האלט דיא צווייגען און אויך אייערע שווערטען. מיט ווילדע דארף מען פארזיכטיג זיין.... מילא ווייסט אללעס, וויא איין אלטער (פון מעער א טרומפעט, נאכדעם א געשריי: האיע! הא!. פון שיף אויך א טרומפעט און דער זעלבע געשריי: האיע הא!).

מעדעא; (באם בארט) וואס איז? קאלחירער, וואס איז געשעהען?..

א שטיממע; (פון מעער) גריעכען! אונזער פרינץ איז טויט! דער קעניג ליעגט אין אונמאכט.... מיר ווילען צושטיין צום ברעג מיט פריעדליכע אנזיכטען...

מעדעא; (פערווירט) געטטער! וואס ווילט איהר פון מעדעא'ן?

יאזאן; קומט איהר מיט פריעדען, זאלט איהר מיט פריעדען עמפפאנגען ווערען. אייער טרויער איז קיין פרייד פיר אונז, גריעכען. מיטלייד איז דיא ערשטע טוגענד פון מיין פאלק..

מ ע ד ע א ; ניין, וויא קען עס זיין? פריער האבען דיא געטטער אימער געטאָן, וואס מעדעא האט פערלאנגט. וויא קען עס זיין? וויא קען עס זיין? (פיעל שיפלאַך מיט קאַלחירער שווימען צו, דיא גריעכען העלפען זיי הערויסשטייגען. מען טראָגט ארויס פון א שיפעל אַבסירטוס טויטען קערפער, נאַכדעם דעם אַלטען קעניג, מע לעגט זיי אויף דיא שטיינער גאָרא, מעדעאַ און יאָזאַן קומען פון שיף).

מ ע ד ע א ; (וואַרפט זיך צום טויטען קערפער) ער איז טויט, איינער קען ניט לעבען, דער צווייטער זאל ניט טויט זיין.... אה! אבסירטוס, אבסירטוס (וויינט, אַללע שטייען, טרויעריג) פאטער, קעניג, ווער פון אונז האט מעהר שולד דארין? אָה! פאטער, דוא הערסט ניט, וואס מעדעא זאגט?

ק ע נ י ג ; (קומט צו זיך) איהר שטיממע איז עס.... קאלחירער, טרעט אב פון איהר—זיא וועט אייך פערגיפטען מיט איהר אונריינעם אטהעם (דוא קאַל־חירער טרעטען אָב) איינע פעררעטהערין איז זיא.... מיין פלוך זאל פאלען אויף דיין אונגליקליכען קאפ! (אַללע קאַלחער מורמלען) קאלחירער, מיין אונ־שולדיגעס קינד, מיין זוהן איז טויט.... און איך שטארב.... טראגט אונ־זערע קערפער צוריק איבער דיא בערג קיין קאלחיס.... זאללען אונזערע נאכבארען און אללע פעלקער זעהען דעם טרויער פון קאלחיס, זאל דיא גאנצע וועלט וויסען פון קעניג איעטעס אונגליק... (קאלחירער וויינען) לעגט מיך צוזאמען מיט איהם לעבען זיין מוטערס גראב.... (שטאַרבט).

ג א ר א ; בעסער וואלט איך געשטארבען, איידער מיינע אלטע אויגען האבען דערלעבט צו זעהען אזעלכע צרות און אונגליקען (וויינט).

י א ז א ן ; זאל מען ברענגען צוויי פון אונזערע בעטשטעללע, אויף וועלכע דער קעניג און זיין זוהן זאלען רוהען מיט זייער לעצטען שלאף דא אויף דרערד (מען ברייננט פון שיף צוויי מטות).

מ ע ד ע א : יא. זיי זיינען איינגעשלאָפען מיט זייער לעצטען שלאף.. ניע מעהר וועלען זיך דיזע ליפען בעוועגען צו זעגנען און צו פלוכען, צוגעשלאסען! דיא פינסטערניס וועט זייא איינשלינגען.. דיא שווארצע ערד וועט זיי צודעקען. זיי זיינען טויט.. זיי זיינעןביידע טויט.. געטטער ! מעדעא האט עס ניט געוואלט ! מעדעא האט עס ניט פערלאנגט.. אויב איהר ווייסט עס ניט. ווער אין דער וועלט קען עס וויסען ? (דער ווייל האט מעןביידע קערפער ארויף געלעגט אויף דיא מטות. דיא גריעכען פאלען אויף דיא קניע. מוזיק און חאר. איין טויטען מאַרש. דיא קאַלחירער טראָגען דיא טויטע אין דיא בערג וועו מעדעאַ

גיט זיך אַ ריס צו דיא בּעטלאַך, שטויסען זיא דיא קאַלחירער אָבּ. זיא פאַלט אויף אַ שטיין און וויינט).

מ ע ד ע א ; (ווען דיא קאַלחירער שטעלען זיך אָבּ אויפ'ן בּאַרג מיט דיא קערפּער) צום לעצטען מאל זעה איך זיי פון דער ווייט.. צום לעצטען מאל זעה איך מיינע בּרידער קאַלחירער! אליין בּלייבּ איך דא, אליין! גארא, דוא געהסט ניט אהין מיט זיי? דוא בּלייבּסט דא מיט מיר?

נ א ר א : מיט דיר בּלייבּ איך, אונגליקליכעס קינד.... וואס דען, איך זאל דיך פערלאַזען? פאַלט אויף איהר שולטער און בּיידע וויינען)

י א ז א ן ; נון, מילא, געלויבּט זיינען דיא געטטער! מיר זיינען בּעפרייט פון אונזערע פיינדע. דיא בּארבּארען זיינען בּעשטראפט, וויא זיי האָבּען עס פערדינט.. עי! ציהט ארויף דיא זעגלען! ארגאנאווטען, מאכט אייך פערטיג צום וועג! (אללע ארגאנאווטען אויפ'ן שיף)

מ ע ד ע א ; וואס האסט דוא געזאָגט, יאזאן? פיהלט דיין הערץ קיין מיט־לייד צום אנדערן? איז דען מיין שווערער אונגליק ניט דיין אונגליק אויך, גראדע וויא דיין גליק איז אויך מיין גליק? יאזאן, פערשטייסט דוא וויא גרויס זיינען איצטער מיינע שמערצען?

י א ז א ן ; אה! מעדעא! איך וויים, איך פיהל און פערשטיי, אבּער וואס קען דער מענש טהון געגען זיין שיקזאל? דער ווילען פון דיא געטטער איז מעכטיגער פון אונזערע געפיהלע.. קענסט דוא העלפען מיט דיינע טרערין און מיט ריינע שמערצען? געגוג! מיר מוזען פאָרטזעטצען אונזער וועג. מען ערווארטעט אונז. גריעכענלאנד ערווארטעט איהרע זיהן, איהרע העלדען!

א ר נ א נ א ו ט ע ן ; עוואן עוואיע!

מ ע ד ע א : דא איז שוין אללעס פערלארען.. מיין פאטער און ברודער האט צוגענומען דיא פינסטערע נאכט — מיין היימאטה פערלאָזען, מיין פאטער־לאנד באדעקט מיט שאנדע און שמאך... פון מיין פאָלק פערפלוכט, פון מיינע ברידער געהאסט און פעראכטעט... צוריק איז מיר אבּעשניטען דער וועג אויף עווינ... און דארט? וואס ערווארטעט מיך דאָרט? אונגעוויסהייט, א נעבעל, א געהיימניספאלע, ווייטע עלענד.. (פערטראַכט זיך איין אויגענבליק) אה! דאָ איז אלעס פאר מיר טויט און איך לעב... איך לעב און וויל פיר מיין אייגענעם גליק ליידען און קעמפּפען! ניין! איך וויל ניט דענקען פון דער צוקונפט. דיא אונגעוויסהייט וועט מיך ניט איבּערשרעקען — מעדעא

קערט ניט צוריק פון מיטען וועג ! ווען מען ליעבט רעכענט מען ניט און ווען מען רעכענט ליעבט מען ניט ! קום, יאזאן ! מיין פאטערלאנד, מיין פאלק, מיין היימאטה איז דארט, וואו דוי‍ ביזט, העי ! וואס עס איז נעשעהן — איז נעשעהן, און וואס עס דארף נעשעהן זאל געשעהן אויפ׳ן מעער ! דיא זעגלען ארויף ! נאך גריכענלאנד, יאזאן ; נאך גריעכענלאנד ! האין העיי ! יעריהו ! יעהו ! (זיי גייען צום שיף).

אללע : עוואן עוואיע : עוואן עוואיע ! (ציהען ארויף דיא זעגלען) (טרומעטער)

פארהאנג